בערל גרינבערג



# די אייביקע וואָך

(דריי דערציילונגען)



אַ וואָרט פאָרויס פון מלך ראַוויטש

פארלאג „ארגענטיניש"—בוענאס איירעס 1938

# אינהאַלט







הילע געצייכנט פון מ י ש אַ ש וו אַ ר ץ.




PRINTED IN ARGENTINE

Establecimiento Gráfico de H. KRASILOVSKY & Cía. - V. Gómez 2719

# אַ וואָרט פאַרויס פון אַן עלטערן חבר

אין איינעם שיינעם טאָג קומט צו מיר צולויפן בערל גרינבערג, וואָס איך האַלט פון אים אַן עולם ומלואו, ווייל ער איז איינער פון די „גע־שוואוירענע טאַלענטן" אין דער מחנה פון די יונגע אידישע שרייבער אין אַרגענטינע, רופט מיך אַרויס פון צווישן מענטשן אַף אַ וואָרט אונטער פיר אויגן, און מיט זיין פאַרשייטן שמייכל, לייגט ער מיר פאָר, אַז איך זאָל זיך חתמענען אַלס פאַרלעגער פון זיין צווייטן בוך דערציילונ־גען, וואָס ער גייט בקרוב אַרויסגעבן מיט דעם טיטל „די אייביקע וואך". דער קידער־ווידערדיקער פאָרשלאָג געפעלט מיר שוין גאָר און איך האָב אים באַלד אָנגענומען בלב ונפש — אָבער אויספירן אַזאַ זאַך אין אַר־גענטינע איז נאָך נישט די צייט. דאָס פובליקום איז דערצו דאָ נאָך נישט דערצויגן. מ'וואָלט עס אויפגענומען פשוטו כמשמעו און דאָס האָבן מיר, און וואָלטן מיר, ביידע נישט געוואָלט. נישט גרינבערג און נישט איך.

זאָלזשע שוין בלייבן דער אַלוועלטלעכער אידישער ליטעראַרישער פאַרלאַג, וואָס איציק מאַנגער האָט אים אַזוי צוקער־זיס אָנגערופן „אַליינעניו" און לאָמיר אים דאָ געבן אַ פסעודאָנים „אַרגענטיניש".

איז איינמאָל אַוועק.

און שוין אַן אַ פאַרשייטן שמייכל קומט אַ צווייטע פראָפּאָזיציע:

— אָבער אַ הקדמה?

— מיט טויזנט און איינס כיבודים, בערל גרינבערג — אויב עס פאסט נאָר אייך.

**
*

אַז מען לייענט א סך — געווינט מען אַ געוויסן רוטינירטן צוגאַנג צו דער ליטעראַטור. איך רעד נאַטירלעך וועגן לייענען בעלעטריסטיק.
אַז מען לייענט נאָך מער — איז נאָך מער רוטין.
און נאָך מער? — איז נאָך מער.
און אַז מען האָט שוין שיר נישט די ציין אויסגעפרעסן און די אויגן געבלענדט? נו פארשטייט זיך איז שוין דאָ א גאַנץ היפּשע דאָזע רוטין.
איך האָב זי. איך באַרים מיך דאָ מיט אַ ריין טעכנישער געשיקט־לעכקייט און דערפאַר מעג איך מיר דאָ דערלויבן די דאָזע אַליין־לויב.
אַז איך לייען אַ בוך אָדער א כתב יד פון א יונגן אידישן שרייבער — האָב איך מיר אַזאַ טעכניק: נאָך דעם איבערלייענען דריי זייטן פרעג איך ביי מיר אַליין — ברידערל, ווילט זיך דיר אויפריכטיק ווייטער לעזן? און אַז איך ענטפער מיר — יאָ — איז פארשטייט זיך גוט. און אַז איך האָב פאַרטיק געלעזן, שטעל איך מיר אַליין אַ צווייטע פראַגע: ברידערל ביזט אים מקנא? וואָלסט אויך געוואָלט אַזוינס אָנשרייבן? און אז איך ענטפער מיר — יאָ — איז א גוטער סימן. און דאָס וואָס עס קומט ווייטער איז שוין אנאַליז — אויב איך שרייב אַמאָל וועגן אַ בוך — אַנאַליז לויט מיינע שוואַכע דילעטאַנטיש - קריטישע כוחות.
און אַז איך האָב געלעזן בערל גרינבערגס ערשט ביכל „מאָרגנווינט" פון יאָר 1934, און גוט געלעזן האָב איך עס ערשט דאָ אַפן פּלאַץ, און נאָך צענמאָל מער, אַז איך האָב געלעזן אין צייטונגס־אויסשניטן בערל גרינבערגס דערציילונגען, וואָס גייען אַריין אין דעם דאָזיקן באַנד „די אייביקע וואך" (וואָס פאַר אַ פיינער בוך־טיטל!) האָב איך אף יענע ביידע פראַגן מיר געענטפערט — יאָ. אי לעזן האָט זיך כסדר געוואָלט און אי מקנא בין איך געוועזן. דער עיקר האָט מיך געגריזעט א קנאה ביי די פרעכטיקע פינאַלן פון די דערציילונגען „דער וואונדערלעכער שפּאַציר" און „די געשיכטע פון א פּאַפּוגיי און א וואַגאַבונד".

**
*

— וואָס פאַר אַן אָרט פאַרנעמט ב ע ר ל ג ר י נ ב ע ר ג (ווען איך בין אף זיין אָרט, וואָלט איך מיר נאָך היינט געגעבן א פּסעודאָנים, ווייל אויב איך האָב נישט קיין טעות זיינען פאַראַנען אכצן ג ר י נ - ב ע ר ג ס סתם, און דריי ב ע ר ל גרינבערגס, וואָס שרייבן אידיש

— א גאַנץ גרין־געבערג) ש ו י ן ה יי נ ט אין דער אידישער לי־טעראַטור?

— אַן אָרט אין דער אידישער ליטעראַטור?

— אַן אָרט אין דער אידישער ליטעראַטור! ווייל געשוואוירענע טאַ־לענטן וואַלגערן זיך בא אונז נישט אַף די גאַסן און א געשוואוירענער טאַלענט, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע, און לחלוטין אויסגע־וואַקסן אין אַרגענטינע, הייסט: אריינפירונג פון נייע מאָטיוון, נייעם שטייגער, אַנדערע לאַנדשאַפטן, נישט געוואוינטע מענטשן, אומגעוויינט־לעכע סיטואַציעס, אָריגינעלע צוגאַנגען.

אין אַ קורצער הקדמה דאַרף מען רעדן קורץ און געדיכט. (אויב מען קען — רעדט איר אריין אין אַרבל, ליבער לעזער). און ווען איך וואָלט מיך געוואָלט שפּילן אין ווערטער, וואָלט איך מיט איין וואָרט־שפּיל־וואָרט דאָ אַליץ געזאָגט: איך וואָלט געזאָגט: ג ר י נ ב ע ר ־ ג ע ל ס אָ ן .

ווי זאָגן דאָס אונזערע חכמים פון פּרק: עס איז בעסער צו זיין אַ תלמיד פון דוד בערגעלסאָן אויף דעם וועלט־ווייטן פעלד פון דער אידי־שער ליטעראַטור איידער אַ רבי, א טאָלסטאָי און א שעקספּיר און א געטהע אַליין אַף דער דאָזיקער ענגער „טשאַקרע“ (חלק פעלד) פון דער אַרגענטינישער ליטעראַטור, וואָס באַגייט זיך דערווייל אָן זאַלציקער, פעפערדיקער, לימענעדיקער, באַלעבנדיקער ליטעראַרישער קריטיק, ווי בא לייטן. נאָר נישט דאָס בין איך אויסן.

**
*

בערל גרינבערג האָט א ליטעראַריש - בעלעטריסטישן צוגאַנג, איך וואָלט אפילו געזאָגט — אריינפּאַר. יעדע פון זיינע זאַכן הויבט ער אָן מיט אַ בילד באַלד אין תוך אַריין. דו ווייסט באַלד וואו דו געפינסט דיך און מיט וועמען דער דערציילער וויל דיך צונויפפירן.

גרינבערג פיילט נישט צו שטאַרק, אָבער ער האָט צימצום און טאַקט, וואָס דאָס איז די ערשטע באַדינגונג פון יעדער קונסט. קונסט איז דאָך טאַקע: כמאַלען שטיקער לעבן מיט צימצום...

ער פאַרמאָגט בילדערישקייט און נישט אַזאַ, וואָס מען דאַרף צושלעפּן בא די אויערן, נאָר אַזאַ, וואָס אַ צייכן אַהין און אַ צייכן אַהער און עס בלייבט אין זכרון.

ער האָט איינפאַל, ער דערזעט דאָס מ אָ ד נ ע פון לעבן, ער קען עס נ אַ טי ר ל ע ך צוזאַמענפירן. אין דער געשיכטע פון אַ פּאַפּוגיי און אַ וואַגאַבונד איז דאָ אַ סצענע ווי איין מאַן טראָגט דעם אַנדערן אויף די פּלייצעס אַריבער איבער אַ בלאָטע אין אַ הייזל אַריין. דאָס איז מער

ווי א בילד. דאָס איז סימבאָל אָן א מוסר השכל. און אזוי איז די אמתע קונסט. אז דער העלד פון דער זעלביקער דערציילונג קומט אהיים, נאָך דעם ווי ער האָט, נישט גערן און נישט אומשולדיק, דערהרגעט א וואַ־גאבונד, ווייל ער שיר נישט אומבערענגען זיין אייגן זינדל, ווייל יענער האָט דערשטיקט א פּאַפּוגיי. דאָס איז א פּסיכאָלאָגישער פראַל אויף פון א געהיים טירל צו דער מענטשלעכער נשמה און דאָס איז די אויפגאבע פון דער קונסט. מיט דעם איז זי, נישט זייענדיק קיין מלמד, עטיש־דידאַקטיש.

און אַז דער אַלטער אוועקגעוואָרפענער טאַטע פון דעם „וואונדער־לעכן שפּאַציר" גייט אוועק ביים סוף פון יענער דערציילונג מיט א שקאַפּע, וואָס ער האָט פון אונטערן מעסער אַפּיר געראַטעוועט, און א פרימאָרגן אַף א וואונדערלעכן שפּאַציר, איז דערמיט די דערציילונג אריבערגעוואַקסן די רעמען פון א דערציילונג און איז געוואָרן א פּאַטע־טיש ליד — ווייל אַזוי דאַרף עס טאַקע זיין: יעדעס עכטע ליד איז אייגנטלעך א מין דערציילונג און יעדע עכטע דערציילונג איז אייגנטלעך אַזא מין ליד... דערפאַר טאַקע טויגן קיינמאָל נישט קיין לידער אין פּראָזע, ווייל זיי זיינען נישט אהין און נישט אהער, אָבער דאָס קער נישט צום ענין און בערל גרינבערג שרייבט נישט קיין לידער אין פּראָזע.

* * *

אין דער קאָלאָניע פון אידיש־לאַנד, וואָס רופט זיך ארגענטינע, וואו אַלץ שרייבט און שרייבט א סך, זעט מען כמעט גרינבערגן נישט אָן. ער שרייבט ווייניק (ער דרוקט אפילו א סך, ווייל ער איז א פיזישער ארבע־טער, א זעצער, לויט זיין פּראָפעסיע) און אין די טאָג־צייטונגען זעט מען אים קוים־קוים. אַז וואויל איז צו אים, וואָס ער האָט קיין פשרות נישט געמאַכט. שטייט ער טאַקע, צו זיינע צוויי און דרייסיק יאָרן, כמעט אָן א ליטעראַרישער פּאַרגאַנגענהייט, דערפאַר אָבער מיט א הערלעכן היינט, רייף און גרייט אויף דעם זיך רייסנדיקן ווייסן פערד פון זיין קלאָרן און זעלטענעם טאַלענט אוועקצוריידן אויף זיין אייגענעם וואונדערלעכן שפּאַציר אין דער אידישער ליטעראַטור אריין. זי איז אַלעמאָל גרייט אויפצונעמען א נייעם זון, און א פשיטא, ווען ער קומט פייפנדיק זיין אייגענעם טאָן, דעם ארגענטיניש־אידישן —

**מלך ראַוויטש**

בוענאָס איירעס, אויגוסט 1938.

# די געשיכטע פון אַ פּאַפּוגיי און אַ וואַגאַבונד

אויף דער לעדערנער סאָפע ליגט אַ מענטש און שלאָפט; כראָפּעט מיט אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט. זיין אָטעם יאָגט זיך מיטן טיק־טאַק פון דעם גרויסן שטיי־זייגער, וואָס שטייט אין אַ ווינקל פונעם צימער. יאָגט זיך דעם מענטשנס אָטעם מיטן געקלאַפּעריי, מישט זיך אויס מיט דער לופט, פאַרקנוילט זיך ווידער שלאָפנדיקער מענטש, וואָס זיינע הענט און פיס זיינען איינגעקאָרטשעט. נאָר באַלד גיט זיך דער מענטש אַ צאַפּל, מאָמענטאַל גיט ער זיך אַ קנויל אויף, צעוואַרפט זיינע גלידער, ווי זאַכן, וואָס ברענגען קיינעם נישט קיין שום נוץ און עס געפינט זיך נישט קיין בעלן זיי אויפצוקלויבן.

יאָ, דער שלאָפנדיקער מענטש געדענקט איצט אבסאָלוט גאָרנישט. ער ווייסט נישט, אַז ער איז עפּעס אַ זאַך, וואָס עקזיסטירט, אַז ער געפינט זיך ערגעץ אַף דער וועלט, כראָפּעט אַף אַ לעדערנער סאָפע. ניין, ער געדענקט גאָרנישט, קיין חלומות חלומען זיך אים נישט און ממילא ווייסט ער גישט, אַז ווען ער ווערט וואַך, רופט ער זיך דאָן איזראַעל נאָבעל, באַשעפטיקט זיך מיט דעם, וואָס ער איז אַן אַגענט־אינקאַסענט פון דער גרויסער מעבעטיקער זינגער קאָמפּאַניע, הויפּט־פאָרשטייער פאַר דער גאַנצער פּראָווינץ און אַז ער איז פאַרהייראַט, האָט אַ יונגע פרוי, וועלכע ע־ רופט „אַלטע“ און זי האָט אַ קינד וואָס ביידע רופן „ליטאַ“, נאָר ביידע צוזאַמען רופן גאָר אים „טשע פּאַפּאַ“.

אָט דאָס זיינען בלי ספק זייער וויכטיקע זאַכן, וואָס דאָן איזראַעל האָט בשום אופן נישט קיין רעכט צו פאַרגעסן אין זיי, אפילו ווען ער שלאָפט, אָבער איצט געדענקט ער גאָרנישט, אפילו דאָס וואָס וואַכדיק האָט ער אין זיי אויך פאַרגעסן, אַנדערש געזאָגט, געוועזן געצוואונגען זיי צו פאַרגעסן, ווייל קיין וויכטיקע זאַכן זיינען דאָס נישט געוועזן, כמעט נאַרישקייטן, וואָס לוינט זיך אפשר נישט צו דערמאָנען, ווייל שוין לאַנג האָט עס פּאַסירט און וועט שוין קיינמאָל נישט מער פּאַסירן... שלעכט איז נאָר וואָס מען דערמאָנט זיך אין די זאַכן באמת ניט ווילנדיק. דאָס איז גורם, אַז מען זאָל אָפּטמאָל זיפצן פונעם שלאָף, זיך אויפכאַפּן

ווי צעמישט און דערנאָך ווען מען איז שוין וואך, דריקט עפּעס אין האַלדז, שטיקט און מאַכט טרויעריק...

נאָר פונקט איצט, ווייסט נישט דאָן איזראַעל פון אַזאַ שלעכטער מינוט, איצט געדענקט ער גאָרנישט, ווייסט נישט, אַז אַמאָל איז ער געווען אַ קליינער, דערנאָך איז ער געוואָרן גרויס, אַז ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ גרויסער שטאָט, ערגעץ אַף יענער זייט וועלט און אַז דאָרט, אין יענער שטאָט, געפינען זיך משונהדיקע מענטשן און פּשוטע זאַכן. דאָרטן גייען די מענטשן פון זיין אָפּשטאַם אין לאַנגע שוואַרצע אַטלע־סענע קליידער מיט גרויסע פאַרוואַקסענע בערד און אין געווייסע נעכט, ווען עס שיינט די לבנה, פאַרזאַמלען זיי זיך מחנותווייז אַף גאַסן און הויפן, רייסן די קעפּ צו דער לבנה מאַכן פאַרשידענע גרימאַסן, שפּרינגען אונטער, שאָקלען זיך אין אַלע זייטן און זיין פאָטער, וואס געפינט זיך אויך צווישן דער מחנה, טוט דאָס זעלבע, וואָס די איבעריקע. פון צייט צו צייט וואַרפט זיין פאָטער אַף אים אַ שטרענגן בליק, וואָס באַפעלט אים צו טאָן דאס וואָס אַלע... אָבער אפילו אזוי, איז זיין פאָטער גיט געווען צו אים איבעריק גוט. פאַרן אוועקפאָרן, איז ער צו אים געוואָרן אַביסל צאַרטער און אויפגעוועקט אים אין מיטן די נעכט, נעכט אין וועלכע אַלץ איז פאַרפרוירן, די פענסטער שויבן זיינען פאַרפּוצט מיט ווייסע אייז-בלומען און געבעטן זיך בא אים, אַז ער זאָל עפּעס ארויסלייענען פון אַ פאַרגעלט אַלט ספר. פון צייט צו צייט רעדט ער עפּעס צו אים, פאַרענטפערט זיך, און פאַרענדיקט שטענדיק מיט אַזעלכע נישט פאַר־שטענדלעכע ווערטער, אַז „מען דאַרף רחמנות האָבן אַף אַלע לעבעדיקע באַשעפעניש‟, בעטן פאַר זיי און פאַר זיך „נישט פאַרגעסן אַז מען איז זינדיק‟.

דאָן איזראַעל נאָבעל האָט אין אַזעלכע מינוטן גאָרנישט געענט־פערט; אַזאַ אַנטשוויגענער געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַליין נישט געוואוסט צי ער איז מסכים צי נישט, דערפילט אַז עפּעס אַ נאַרישער געדאַנק נעמט אים פייניקן, מאַכט אים גלויבן, אַז זיין פאָטער איז עפּעס אַ שרעקלעכער פאַרברעכער, וואָס נאָך דעם ווי ער האָט ערגעץ באַגראָבן זיין קרבן, אַז קיין לעבעדיק נפש אַף דער וועלט זאָל זיך נישט דערוויסן, ווערט ער געפייניקט פון חרטה, דער געוויסן פייניקט אים אין פאַרגליווערטע

נעכט, דאַרף ער נויטיק האָבן אַ שותף, וואָס זאָל אים העלפן טראָגן די אַלע צרות פון נישט געצוימטער זינד...

נאָר זיין פאָטער איז גאָר געווען אַ פּשוטער איד, זייער אַ פרומער, און אָט דעריבער האָט ער אים און זיך, געפּייניקט און געמאַטערט. ער האָט בלויז געליטן פון אַזאַ איינריידעניש, אַז ער איז זינדיק, ווייל דאָס זיינען סוף כּל סוף געווען די הויפּט־יסודות פון דעם אין וואָס זיין פאָטער האָט געגלויבט; ער האָט מיט דער צייט באַגריפן, אַז דער באַשאַפער פון זיין פאָטערס גלויבן, האָט באַדאַרפט זיין אַזאַ גאוהדיקער גייסט, וואָס האָט אַנדערש נישט געוואָלט, נאָר אַז צו אים זאָל מען קומען אַזאַ נאַקעטער אָן מלבושים פון שטאָלץ אָדער אייגנליבע; אדרבא, מען דאַרף זיך גאָר ארומוויקלען מיט אַ טוך, וואָס איז אויסגעווייקט אין טרערן פון זעלבסט־דערנידערונג און פערזענלעכער פאַרלייקענונג און ערשט דעמאָלט ווערט מען צוגעלאָזן צום „גאוהדיקן גייסט", צו גאָט.

אַזוי באַנעמט דאָס דער היינטיקער דאָן איזראַעל נאָבעל, וואָס האָט אַמאָל געהייסן ישראל און זיין מוטער האָט אים גאָר גערופן „סראָליקל". היינט צו טאָג, אויסער אים אַליין, געפינט זיך שוין כמעט נישט קיין שום לעבעדיקער נפש, וואָס זאָל געדענקען אָדער עס זאָל אים איינפאַלן, אַז ער האָט אַנדערש אויסגעזען, זיך „באַשעפטיקט מיט גאָרנישט" און נישט געהייסן אַזוי ווי ער הייסט היינט... אָבער היינט, האָט זיך שוין אַלץ געביטן און פאַרענדערט; איבערגעריסן אַף אייביק דער פאָדעם, וואָס האָט אים געצויגן צום „אַמאָל" און צו זיין פאָטער, וואָס האָט זיך „איינגערעדט אַז ער איז זינדיק", ווייל פונקט מיט דריי יאָר צוריק האָט ער צום לעצטן מאָל, דערהאַלטן אַ בריוו מיט געציקטע, כמעט נישט־לעזבאַרע אותיות, ער האָט דאָס קוים איבערגעלייענט, זיך דערוואוסט, „אַז דער טאַטע גרייט זיך שוין אין וועג" און אַז זיין לעצטער וואונטש איז דאָס, וואָס ער בעט אים, אַז ער זאָל אייביק געדענקען „אַז ער איז נישט קיין גוי".

דאָן איזראַעל נאָבעל האָט אַף דעם בריוו נישט געענטפערט. ער האָט דאָס נישט געטאָן מחמת שלעכטקייט, נאָר פּשוט צוליב נאַכלעסיקייט, און פונקט אין דריי מאָנאַטן ארום, שיר נישט דעם זעלבן טאָג, ווען ער האָט געהאַט בדעה צו ענטפערן זיין פאָטער אַפן לעצטן בריוו, געוואָלט באַרואיקן אים, שרייבן „אַז ער געדיינקט נאָך וואָס ער איז",

האָט ער דערהאַלטן אַ פרישן בריוו. געשריבן פון אַ אומבאַקאַנטער האַנט און מיט אַזאַ געוויינלעכער פשטות און איינפאַכקייט — דאָס האָט גע־שריבן אַ קינד פון עפּעס אַ פעטער, — וואָס האָט מיט אויפריכטיקן צער געמאָלדן, אַז דער טאַטע איז „אַוועק אַהין פון וואַנען מ'קומט ניט צוריק"· אַז איצט איז ער שוין נעבעך „אַליין אויף דער וועלט" און אַז אַלע באַ־מיאונגען צו „לייגן אים אַפּן בית־עולם צוזאַמען מיט זיין מוטער האָבן זיך נישט איינגעגעבן", אַפּן אַלטן בית־עולם איז שוין נישטאָ קיין פּלאַץ... אויך דערמאָנט מען אים אַז דער טאַטע האָט געבעטן מען זאָל דעם זון שרייבן, אַז „פאָרן אַוועקגיין אַהין" בעט ער אים און באַשווערט אים, „אַז ער זאָל נאָך אים זאָגן אַ אידיש וואָרט"...

וואָס דאָן איזראַעל נאָבעל האָט געטאָן באַלד נאָכדעם, ווי ער האָט באַקומען אָט דעם לעצטן בריוו, איז קיינעם נישט באַוואוסט. פון דעמאָלט אָן האָט ער שוין אינגאַנצן נישט געענטפערט. און די וואָס האָבן צו אים געשריבן, וועלן שוין קיינמאָל נישט וויסן צי ער האָט דער־פילט די בקשה, וואָס זיי האָבן אים געבעטן אין נאָמען פון אַ געשטאָרבענעם, ווייל נאָך ביז היינט צו טאָג ווייסט אפילו ניט דאָן איזראַעל נאָבעל וואָס ער האָט געטאָן. דאָס איינציקע וואָס ער דערמאָנט זיך יאָ איז, אַז עטלעכע טעג האָט ער נישט געגעסן קיין מיטיק, געוועזן שרעקלעך נערוועז, געהאַט אַ משוגענע וואָך און אַלע פּרימאָרגן, ווען ער פלעגט זיך אָנטאָן, פלעגט ער זיך קריגן מיטן ווייב, געוואַלט צעברעכן דעם זילבערנעם סערוויז, וואָס דאָס ווייב האָט אַמאָל געקויפט אָן זיין וויסן, געקלאַפּט מיט דער פויסט אין טיש און געשריגן נישט מיט זיין קול, אַז ער וויל זי זאָל אים אָנגרייטן אַ שוואַרצן קראַוואַט, אַז עס אַרט אים נישט און ער וויל פון גאָרנישט וויסן, די גאַנצע וועלט זאָל אונטערגיין, אַלץ זאָל פאַרגעסן ווערן, אָבער אין זיין קראַוואַט באַדאַרף זי, וואָס איז זיין ווייב, געדענקען; געדענקען אַז פון היינט אָן, באַדאַרף ער אַ שוואַרצן קראַוואַט... טאַקע ניט מער, נאָר אַ שוואַרצן קראַוואַט.

נאָר אָט איצט רייסן זיך איבער די נישט געחלומטע חלומות פונעם מענטש איזראַעל נאָבעל. דאָס איז דער זעלבער, וואָס איצט ליגט ער נאָך אַלץ אויף דער לעדערנער סאָפע, אַזאַ פאַרשלאָפענער מיט צעוואָר־פענע גלידער, אָבער דאָס שנאָרכן ווערט פון מינוט צו מינוט שוואַכער, פאַרלירט די כוחות. נאָר דער שלאָפנדיקער גיט זיך אַזאַ לאַנגזאַמען צי

איין, קלייבט צענויף די גלידער און גיט זיך א וועק איבער. אַט האָלט ער נאָך פאַרמאַכט די אויגן, אָבער דאָס שטערט אים נישט זיך צו געבן מיטאַמאָל א האַסטיקן שטעל אויף. און כאָטש ער זעט נאָך כמעט גאָר־נישט, בלייבט ער דאָך שטיין אַזאַ פעסטער אַפן פּאָל. ער צעקרייצט די הענט, גיט זיי באַלד א צי אַף צוריק און געבנדיק זיך איינציייטיק מיטביידע דלאָניעס א קלאַפּ אין דער ברוסט, א פאַרשלאָפן נאַרישן פּאַטש, גיט דאָס אָבער דאָך אַזאַ טויבן הילך, אַזאַ ניכטערן הילך, וואָס פאַרטרייבט נישט געטראַכטע מחשבות און דערוואָרגענע חלומות, אָבער דערפאַר צעעפנט דאָן איזראַעל נאָבעל זיינע אויגן, קוקט זיך אַרום און גיט א טרוקענעם שפּיי, אַט ווי ער וואָלט געזאָגט צו זיך אַליין:

„איך האָב דעם כבוד... דאָן איזראַעל נאָבעל! טפוי!“

ענדלעך נאָך דעם דריטן שפּיי, זעצט ער זיך צוריק אַף דער סאָפע. ער נעמט זיך קראַצן פון געוואוינהייט די שפּיץ גאָמבע און זיפצט אָפּ. איצט טראַכט ער שוין אַף אַן אמתן וועגן דער קעגנוואַרט: יאָ, היינט איז מיטוואָך און נעכטן איז געווען דינסטיק. און נעכטן איז ער אַוועק אין „ריטשמאָנד“ שפּילן „אביסל אין שאַך“. האָט ער געשפּילט ביז עס האָט אָנגעהויבן גראָען א נייער טאָג, דערנאָך איז ער אַוועק אַהיים, ער האָט אויפגעשלאָסן מיט גערויש דעם טויער, ווי ער וואָלט וועלן אַלעמען אויפוועקן, אָבער ער איז דאָס נישט אויסן געווען, ער האָט נאָר מיט דעם גערויש געוואָלט געבן אָנצוהערן „זיין אַלטע“, זיין ווייב, וועלכע האָט אַף אים מסתמא געוואַרט אין דער פינסטערניש מיט א שרעקלעך אָנגעברוגזט האַרץ, זיך געוואָלט מיט אים קריגן, „אָנוויינען א קאָפּ“. דערפאַר האָט ער מיט כעס אויפגעשלאָסן די טיר, און דער גערודער פון דער צעפּראַלטער טיר איז ווי שטענדיק אַן אָנזאָג, אַז „ס׳וועט זיין בעסער, אַז זי וועט זיך מאַכן שלאָפנדיק“...

דאָס ווייב האָט טאַקע פאַרשטאַנען די באַדייטונג פונעם גערויש און א רעזיגנירטע, האָט זי זיך געמאַכט שלאָפנדיק. עס קען אַפילו זיין, אַז זי האָט זיך נישט געמאַכט שלאָפנדיק, זי האָט געקענט אומגעשטערט וויינען אָדער שיקן קללות אין דער פינסטערניש. זי האָט עטלעכע מאָל אַפילו געמאַכט ליכטיק און אַראָפּגעגאַנגען פון בעט ביז צום בעטל, וואו דאָס קינד שלאָפט, זען צי עס האָט זיך ניט אָפּגעדעקט אָדער צי עס האָט זיך נישט איבערגעשראָקן, צי עס האַלט נישט דאָס הענטל אַף דער ברוסט.

יאָ, די נאַכט איז זי ווייניקער געשלאָפן און האָט געהיט דאָס קינד. אָבער דער מאַן דאָן איזראַעל האָט גאָרנישט געזאָגט, ער האָט נאָר שטיל געשמייכלט און געטראַכט. ער האָט אַלץ פאַרשטאַנען, געוואוסט, אַז דאָס קינד מעג אים דאַנקען פאַרוואָס די מאַמע איז אים היינט אַזוי געטריי; אָבער אינגאַנצן צופרידן איז ער נישט געווען, עס האָט זיך אין אים דער־וועקט אַ פאַרלאַנג אָנצוקוקן דאָס קינד און אפילו „אָנקוקן ווי דאָס ווייב זעט אויס", אָבער באַם בעסטן ווילן, האָט ער דאָס נישט געקענט טאָן, שוט דערפאַר ווייל ער איז די גאַנצע צייט געווען אין עס־צימער און זי האָט זיך געפונען אין שלאָף־צימער. און כאָטש די טיר איז געווען אַבי־סעלע אָפן, דאָך האָט זי קיינער נישט מער אויפגעפּראַלט, אָדער אינ־גאַנצן פאַרמאַכט.

אויף אַזאַ אופן איז דאָס צווישן זיי אָנגעגאַנגען אַ שטילער קריג אָן ווערטער, אַ קאַמף־פּלאַץ פון צוויי צימערן מיט אַביסעלע אַ צעפּראַלטער טיר. אָבער אינעם שלאָף־צימער איז פון צייט צו צייט געוואָרן ליכטיק, און באַלד צוריק פינסטער. נאָר שפּעטער, פונקט דעמאָלט ווען דאָן איז־ראַעל האָט שוין געהאַלטן אין פאַרשפּילן, ס'הייסט, ער האָט געוואָלט אַריינגיין אינעם שלאָף-צימער, דעמאָלט האָט ער זיך פּלוצלינג אַרומגע־זען אַז דורך די געהאַפּטענע פאַרהאַנגען, וואָס באַצירן די שויבן, ווערט שוין עפּעס אַזוי געלבלעך העל און אַז דאָס ליכט פונעם עלעקטרישן זשיראַנדעל ווערט פון מינוט צו מינוט טונקעלער און טונקעלער. אַט דאָס האָט געמאַכט אַן ענדע צו אַלץ. ער האָט געגעבן אַ בייזן הוסט און אַט האָט ער שוין געהאַט פעסט באַשלאָסן, ער גייט נישט אין שלאָף־צימער און טאַקע באַלד האָט ער זיך גענומען שנעל אויסטאָן. אָבער אַז עס האָט געהאַלטן באַ די הויזן, האָט ער מער נישט ווי אויסגעטאָן דעם גאַרטל. געלאָזט לויכטן די עלעקטריע, האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפע און אַזוי אַנטשלאָפן געוואָרן.

אָבער איצט איז ער שוין וואַך, שטאַרק וואַך. ער געדענקט דאָך שוין אַלץ. און ער קוקט זיך אַרום. ער זעט, אַז די טיר פונעם שלאָף־צימער איז נאָך אָפן, פונקט אַזוי ווי ער האָט זי נעכטן געלאָזט. איצט האָט ער שוין נישט קיין מורא און מיטן נאַקעטן פוס, גיט ער זי אַ פּראַל אויף, ווערט דערשטוינט; אַלץ איז ווי שטענדיק, ווי נעכטן פאַרנאַכט. דאָס בעט איז פאַרבעט, דער פּאָל גלאַנצט, דער גרינער דיוואַן ליגט אויף

זיין אָרט. דער שטרויענער רולעט איז אָבער נאָכלעסיק פאַרהויבן. צוליב דעם רייסן זיך די זון־שטראַלן אין צימער, פליגן פליען ארום זשומענדיקע. זיי באַזעצן זיך אפן קינדס מעשן־בעטל, וואָס גלאַנצט איצט אַזוי אָפּגעפּוצט, שענער ווי תמיד.

דאָן איזראַעל איז צוליב די פליגן שיר נישט געוואָרן בייז. ער לאָזט שנעל אַראָפּ דעם רולעט און טרייבט זיי מיט עקל. פאַרפאַלן, פליגן האָט ער פיינט.

מיט א האַלבער שעה שפּעטער, איז ער שוין געווען צוריק וואו ער באַדאַרף צו זיין, א פאַרקעמטער זיך געשפּיגלט אינעם שפּיגל פון דער ברייטער שאַפע, שוין געווען גוט אויפגעלייגט, זיך אונטערגעברומט א ניגון, וואָס ער האָט געהערט אין זיין נייער היים און עפּעס זיך געוואָלט דערמאָנען, כמעט מיט גוואַלד, א „ניגון פון דאָרט" און נישט געקענט. פון צייט צו צייט, כאַפּט ער א קוק אפן זייגער און וואונדערט זיך:

— פאַרוואָס איז נאָך איצט אַזוי פרי? בסך הכל ניין אַזייגער. ער באַרעכנט, אז ער איז נישט געשלאָפן מער ווי פינף שעה און דאָך איז ער אַזאַ אויסגערוטער, ווי ער וואָלט שוין געשלאָפן א גאַנצן מעת לעת. אָך, עס איז אים איצט אַזוי גוט אף דער נשמה, זיין געמיט שווימט איצט אין אים פון פרייד.

באמת! דאָן איזראַעל נאָבעל בענטשט מיט פולער אויפריכטיקייט די איצטיקע שעה, אין וועלכער ער איז איצט אין אַזאַ גוטער שטימונג. ער קושט די לופט, וועלכע שמעקט בעסער ווי די טייערסטע ריחות, די לופט פון אָט דער איינפאַכער שעה, ווען אַלץ איז אַזוי שיין און פיין...

דאָן איזראַעל ווערט וואָס אַמאָל פריילעכער, אָבער עפּעס דערשרעקט זיך אין אים און זאָגט אים אָן, אז באַלד, אָט נאָך עטלעכע געציילטע מינוטן, וועט זיין פרייד פאַרשווינדן. די זון־שטראַלן, וואָס רייסן זיך דורכן אראָפּגעלאָזטן רולעט וועלן אויסטריקענען זיין גליק, פונקט ווי א הויך, א פייכטן הויך, וואָס ווערט פון א מענטשלעכן אָטעם געמאַכט אף א שפּיגל, מעג דאָס זיין א געוויינלעכער שפּיגל.

קעמפט ער מיט זיין געפיל און צעזינגט זיך שטאַרקער, העכער, שאַלנדיקער; אָבער באַלד האַקט ער אָפּ און דערשרעקט זיך, ער גלויבט גאָרנישט זיינע אויערן: אָט דער ניגון איז דאָך זייער אַלט, „פון דאָרטן",

דערזעלבער, וואָס ער האָט אים זיך פריער געוואָלט דערמאָנען און אָט האָט ער זיך דערמאָנט!

ער צעזיפּצט זיך. שוין, די גליקלעכע מינוט איז פאַרשוואונדן, ער דערמאָנט זיך אין זיין ווייב און האָט שרעקלעך חרטה; אַך, ווען זי איז איצט דאָ, פאַלט ער פאַר איר אויף די קני און בעט מחילה, וויינט פאַר איר, אַז זי זאָל אים מוחל זיין וואָס ער האָט איר געמאַכט אַ פאַר־שטערטע נאַכט, אַ משוגענע נאַכט... טאַקע, באמת, פאַרוואָס האָט ער איר דאָס געטאָן?

ער בייסט זיך שוין די נעגל, איצט פאַרגעסט דאָן איזראַעל, אַז אריינ־נעמען נעגל צווישן די ציין איז נישט שיין און אַנטיהיגיעניש, אָבער ער איז נעבעך ניט שולדיק, דער געוויסן פּייניקט און מען דאַרף אים אָפּגעבן דין וחשבון. און ער דערציילט טאַקע דעם געוויסן, אַז דאָס ווייב איז טאַקע אַ וואויל ווייב, אַ טייער ווייב, אָבער דאָך האָט ער צו איר אַסאַך טענות. ער געדענקט נאָך זייער גוט, אַז ווען זי האָט מיט אים, דעם גרינעם, חתונה געהאַט און גייענדיק מיט אים אין ציוויל־רעגיסטער, האָט זי אָפּן וועג געוויינט און אַז ער האָט איר געפרעגט וואָס זי וויינט, האָט זי זיך נישט געשעמט און אים געזאָגט, אַז „דאָס האַרץ זאָגט איר, אַז זי וועט בא אים נישט לעקן קיין האָניק".

מילא, זי האָט שוין נישט איינמאָל בא אים פאַר יענע ווערטער געבעטן אַנטשולדיקונג, ווייל נישט נאָר עס פעלט איר נישט צו לעקן האָניק, נאָר אפילו באָדן זיך אין ווייַן. ווייל וואָס אמת איז אמת, געלט האָט ער, אַן אויטאָמאָביל האָט ער אויך. אויף אַזוי פיל צו האָבן, האָט ער זיך דאָך אליין ניט געריכט. אָבער איין זאַך קרענקט אים און דאָס איז די אורזאַך, וואָס זיי קריגן זיך פון צייט צו צייט, ווייל אים ווייזט זיך אויס און ער איז זיכער, אַז בא איר אין האַרץ איז פאַר אים נישטאָ קיין איין דאנקבארער געפיל, אַלץ נעמט זי אָן ווי עס וואָלט געוועזן אַ גע־ווייַנלעך נאַטירלעכע זאַך און שוין.

שוין! אָבער דאָן איזראַעלס געוויסן האָט זיך נאָך נישט באַפרידיקט און דאָן איזראַעל רעזיגנירט, פאַרפאַלן, זאָל זיין, אַז ער איז באַגאַנגען אַן עולה, אָבער מען קאָן דאָך אַלץ פאַריכטן. יאָ, איצט זעט ער, אַז עס איז טאַקע נאַריש פון זיין זייט זיך צו דערמאָנען וועגן זאַכן, וואָס האָבן

אמאָל פאַסירט; יאָ, איצט זעט ער איין, אַז ער איז אַ מענטש, וואָס וואָלט געמעגט זיין אַביסעלע בעסער ווי ער איז.

דאָן איזראַעל האָט זיך שוין ענדלעך אָפּגעפּארטיקט מיטן געוויסן, ער באַמערקט פּלוצלינג, אַז זיינע שיך זיינען שטאַרק פאַרשטויבט, ער קען זיך נישט דערמאָנען, ווען און ווער עס האָט זיי צום לעצטן מאָל געפּוצט און ער באַשליסט שוין אַרויסצוגיין אויף דער גאַס זיי אָפּפּוצן. נאָר באַלד פאַרגעסט ער אין די שיך און דערפילט, אַז ער איז הונגעריק, עס טריקנט אים אין האַלדז און היינט האָט ער נאָך נישט געהאַט אין מויל. נאָכאַמאָל כאַפּט ער אַ בליק אויפן זייגער: — צען.

ער לאָזט זיך אויפן הויפּל. פריער ווען ער איז זיך געגאַנגען וואַשן, איז קיינער נישט געווען, יאָ, דאָס ווייב זוימט זיך היינט אין מאַרק לענגער ווי אַלע מאָל און דערצו האָט זי ווייזט־אויס, מיט זיך מיטגענומען דאָס קינד. אַן אַנדערש מאָל וואָלט ער ווייטער זיך אָנגעברוגזט און איצט טוט דאָס אים גוואַלדיק הנאה; גוט אַזוי, זי וואָס פּרעטענדירט אויף פּינקטלעכקייט האָט היינט, צוליב דער נעכטיקער נאַכט פאַרשפּעטיקט. דער מיטיק וועט שוין זיין אויף צוויי אַזייגער און אַוועקפאָרן דאַרף ער אַרום דריי, ער דאַרף נאָך היינט זיין אין דעאַן פונעס און מאָרגן דאַרף ער זיין אין כעסוס מאַריאַ... דערצו דאַרף ער נאָך לאָזן אויסשמירן דעם אויטאָמאָביל, צום טייוול.

דאָס איזראַעל האָט זיך פאַרענדערט, מאָמענטאַל געוואָרן אַן אַנדערער, בעסער געזאָגט, דער וואָס ער מוז זיין, און דאַנקט דעם אַלמעכטיקן פאַר דעם וואָס ער איז, — דער וואַיאַזשאָר פון זינגערס מאַשינען, דער וואָס דאַרף אַרומפאָרן שטעטל נאָך שטעטל, איינמאָנען וואָס מער געלט, ברענגען וואָס מער געלט און סטראַשען ווען נויטיק איז, אַז מען מוז געבן געלט, געלט!

נעמט ער זיך איילן, ער יאָגט זיך שנעל צום טויערל פון דער גאַס, מיט עטלעכע שפּרייזן האַלט ער שוין די קליאַמקע אין דער האַנט, אָבער באַלד נעמט ער ציטערן פון אויפרעגונג: דער טויער איז פאַרשלאָסן, אַז פאַרברענט זאָל דאָס אַלץ ווערן, פוי! — גיט ער שוין אַ נאַסן שפּײ.

ווערט ער ווילד, נעמט רייסן דאָס טויערל, אָבער עפענען קען ער נישט. ער איז מאַכטלאָז און ווען ער שעמט זיך נישט, וואָלט ער געוויינט פאַר אויפרעגונג. אודאי איז ער שולדיק און נישט זי, זיין ווייב, ווייל

עמיצער אנדערש אף איר אָרט, וואָלט אויך ניט בעסער געווען... אודאי, אז ער איז א נאַר וואָס פאָלגט איר שטענדיק, דערפילט אירע פארלאנגען, הײנט װײל זי מעבל, קויפט ער מעבל; װײל זי נישט װאוינען װײט פון צענטער, שאַפט ער א װאוינונג אין צענטער און דערצו װײל זי װאוינען אליין, זי דאַרף נישט, „מען זאָל איר קוקן אין טאָפּ“ און —

— און איצט דאַרף ער ליגן װי א הונט פארשלאָסן. אָבער װען ער פאָלגט איר ניט, שאַפט ניט אַלץ װאָס זי װיל, װאָלט ער דאָך איצט נישט געװאוינט אליין אין א הויף און באַין ברירה, װאָלט זי אים נישט געקענט פארשליסן...

דאָן איזראַעל האָט שוין געװאָלט צוריק אַרײנגײן אין שטוב, מאַכן פון אַלץ א װיסטן תל, אָבער מיטאַמאָל פאַלט זײן בליק אף עפּעס א זאַך, װאָס ליגט אונטער דער טיר. מיט הארצקלאַפּעניש בויגט ער זיך אָן און מיט די פינגער שאַרט ער פון אונטער דער שפּאַרע אַן אײזערנעם שליסל, יאָ, אוי איז ער װילד... אַלעמאָל טוט זי דאָך אזוי, װײל מען דאַרף דאָך אכטונג געבן מען זאָל נישט „אויסלײדיקן די שטוב“ און דאָס װאָס ער האָט דאָס מאָל פארגעסן צו זוכן, איז זי דאָך נישט שולדיק.

אזא פארשעמטער מאַכט ער אויף דעם טויער, פארשליסט פון אי־נעװײניק, שאַרט צוריק ארונטער אונטערן טויער דעם שליסל, פּאַטשט א האַנט אין א האַנט און גלײכט זיך אויס אין דער גאַנצער לענג: אך, װי שײן עס איז איצט די גאַס! דאָס איזראַעל שפּאַנט שוין געלאַסן, אָבער באַלד כאַפּט ער זיך, אז ער װײסט אליין נישט, װאו ער גײט. אף שנעל באַשליסט ער צו גײן אין גאַראַזש, אָבער באַלד ברעכט ער דעם באַשלוס, ער גײט בעסער צום מאַרק װאָס אַפן אַלטן פּלאַץ איזאַבעל לאַ קאַטאָליקאַ. דאָרט װעט ער אויפזוכן זײן „אַלטע“, װאָס װאַנדערט ארום צװישן די סטראַגאַנעס און דינגט זיך מיט די סוחרים, באַמיט זיך נישט אָװעקצו־געבן אומזיסט קײן געלט...

שוין, עס פעלט נאָך בסך הכל א קלײן שטיקל גאַס און באַלד װעט ער איר קענען טרעפן, איבערבעטן, העלפן איר טראָגן דאָס קוישל און אַלץ װעט זײן גוט.

אזוי קלערט ער און אָט איז ער שוין נישט װײט פון מאַרק־פּלאַץ. ער הויבט שוין אָן פילן דעם ריח פון מיסט און פון פוילע פרוכטן, דאַכט זיך א געװײנלעכער ריח, װאָס אַלע מענטשן האָבן פײנט, אָבער ער האָט

אים ליב. ליבער ווי דעם ריח פון פודער, וואס זיין ווייב אדער אנדערע ווייבער נוצן...

דערפאר אטעמט ער זייער שטארק, ער ציט אין זיך אריין די ריחות וואס מישן זיך אויס מיטן טומל פון דעם נאענטן מארק־פלאץ.

דאן איזראעל פלאנטערט זיך שוין, שטופט זיך צווישן מענטשן און פערד און אקסן, און אלץ איז אזוי פריי, די פערד שטייען אויסגעשפאנטע, די מארדעס נישטערן אין די הויכע וועגענער, וואס זיינען אנגעלייגט מיט גרינסן, פרוכטן, אדער ריזיק גרינע ארבוזן, אויסגעמישטע מיט געלע מע־לאנען. מידע אקסן מיט צעשטאכענע הינטנס, ליגן אין וועג, גאווערן מיט נאסע מארדעס. לאזן אף זיך טרעטן מענטשן און הינט. ערגעץ צע־רעוועט זיך אן אייזל מיט א דערווארגן קול, פארמישט זיך מיטן געזאנג פון א בלינדן בעטלער, וואס שטייט אינעם מיט פלאץ, נאענט נעבן אלטן פארזונקענעם פאנטאן. דער בעטלער זינגט ווי שטענדיק, אז „ער זעט מיט די טויטע אויגן אלע מענטשן, ער ווייסט ווי זיי זעען אויס, זיי זיינען שיינע און גוטע און דערבארעמדיקע און אז ער בעט פאר זיי שטענדיק זיי זאלן זיין אייביק שטארק און זיי זאלן האבן א סאך שיינע קינדער"...

אזוי זינגט א מענטש, א בעטלער מיט געשטארבענע אויגן נעבן אן אלטן צעבראכענעם, פארזונקענעם פאנטאן. א פאנטאן, וואס זיינע פאר־בליבענע שטיקלעך מירמעלשטיין זיינען אזוי ווייס ווי די אויגנאפלען פון בעטלער, אוןביידע צוזאמען זיינען ענלעך מיט זייער קאליר צו ביינער פון אלטע מתים־סקעלעטן. אבער די מענטשן באמערקן דאס ניט, אז עס זיינען פאראנען זאכן, וואס קענען שטארבן, זיי לעבן נאך און האנד־לען, פון דער גאנצער וועלט, פון אלע לענדער זיינען זיך אף דעם פלאץ צוזאמענגעקומען קליינע גרופעס מענטשן, — זיי זיינען געקומען לעבן, האנדלען און קויפן. אלע זיינען געקומען לעבן און קיינער וויל נישט שטארבן. און כאטש מען רעדט אפטמאל צווישן זיך פרעמדע לשונות, דאך קען א איד אן שוועריקייטן פארקויפן אלעמען אן אויסנאם א הייליק בילד פון א גאט, אין וועלכן ער גלויבט נישט; שפאניער פארקויפן רע־וואלווערן, בריטוועס און קארטאפל; איטאליענער האנדלען מיט פרוכטן און בלומען; טערקן פארקויפן געשטיקטע פראנזן און זאקן; בלאנדע טשעכאסלאוואקן און פאליאקן פירן שטייגן מיט עופות; ארגענטינער

פוצן שיך, פארקויפן לאָטעריע־צעטלעך, אָבער זיי האָבן אויך אַנדערע באַשעפטיקונגען: אַ סאַך זיינען אַנגעטאָן אין בלויע מונדירן און היטן די אָרדענונג, מאַנען איין שטייערן; נעגערס פארקויפן קליינע, יונגע פאַפּוגייען, וואָס ווימלען זיך אין אַ גרויסן קויש, ווי ווערים; אַנדערע נעגערס פארקויפן ברוינע מאַלפּעלעך און ווייסע הינטעלעך, וואָס בילן אויף אַ מענטשן, וואָס מאַכט קונצן מיט אַ שלאַנג, מיט אַ גרויסער, ברוינער שלאַנג, וואָס זי וויקלט זיך ווי אַ שאַל אויפן האַלדז; ער איז דער איינציקער, וואָס קיינער ווייסט נישט פון וואַנען ער שטאַמט. ער פארקויפט בלעכענע פּודעלעך מיט שלאַנגען ־ פעטס, ער דערציילט פאַר אַ גרופּע מענטשן, וואָס רינגלען אים אַרום ווי אַ ראָד, אַז אַט דאָס פעטס פון דער שלאַנג, איז גוט צו רעאומאַטיזם, גריפּע און קאַפּוווייטיק. און פון צייט צו צייט נעפינט זיך אַ מענטש, וואָס גלויבט אים, קויפט בא אים אַ פּודעלע מיט זאַלב און לאָזט זיך שנעל אַוועקגיין מיט אַ נארישן שמייכל אויפן פּנים.

אָבער דער שלאַנגען־פארקויפער טוט זיך ווייטער דאָס זייניקע, אַלע מענטשן פּלאָנטערן זיך נאָך, איילן זיך, דינסט־מיידלעך שלעפּן געלט פון די בוזימס אָדער פון די זאָקן, דער בלינדער בעטלער זינגט נאָך און פּינטלט מיט די אויגן אַנטקעגן דער זון. ער רוט זיך אויף אַלע מינוט, ווישט זיך מיטן אַרבל דאָס מויל און צעזינגט זיך נאָכאַמאָל, אָבער דאָן איזראַעל נאָבעל גייט פאַרביי, ער האָט נאָך אַלץ נישט געפונען זיין ווייב. ער האָט איר שוין געזוכט אומעטום, זיך אָפּגעפּוצט די שיך, געטרונקען אין אַ ביליק שענקל שוואַרצע קאַווע מיט קאָניאַק, געשמועסט מיטן אייגנטימער, וואָס איז אויך דער קעלנער, וועגן פאַרשידענע זאַכן, אַפילו געדערט וועגן גאָט, זיך באַמיט צו דערווייזן, אַז די אידן האָבן נישט גערגעט קריסטוסן, אָבער אָן דערפאָלג. ער איז געבליבן בא זיינס און דער באַלעבאָס איז אויך געבליבן אַזאַ ווי פריער. ער האָט נאָך אַפילו אריינגעצויגן עטלעכע זייטיקע מענטשן אין געשפּרעך, מענטשן־פויערים, וואָס ווייסן אַלץ וואָס עס טוט זיך אין דער ערד און קענען בשום אופן נישט באַנעמען, וואָס עס טוט זיך אָדער עס האָט זיך געטאָן אויף דער ערד... אָבער קיינער האָט נישט אויסגעפירט, ווייל דאָן איזראַעל איז אַוועק אַ באַליידיקטער, געטראַכט אין זיך, אַז אַלע שפּאַניער זיינען אַנטיסעמיטן און די פאַרבליבענע פויערים האָבן זיך נאָך זיין אַוועקגיין געוואונדערט:

אַט אַ מענטש! גיט זיך אַליין אויס פאַר אַ איד, איז אַ איד און דאָך ווייזט ער אויס צו זיין אַ פיינער מענטש...

אָבער ער, דער איד איזראַעל נאַבעל, האָט זיי שוין נישט אין זינען, ער איז שוין מיד פון אַרומשלעפּן זיך אַפּן מאַרק־פּלאַץ, ער טראַכט, אַז דאָס ווייב דאַרף שוין זיין אין שטוב; ער באַדויערט שוין שטאַרק, וואָס ער האָט איר נישט באַגעגנט, ער ווייסט מיט זיכערקייט, אַז זי וועט אים נישט גלויבן, אַז ער האָט איר געזוכט. פּאַרפאַלן! ער גיט נאָך צום לעצטן מאָל אַ קוק אַף אַלע זייטן, זעט מענטשן און פערד, ערגעץ וואו רויכערט אַ פייערל און אַף אַ דראָט הענגט אַ שטיק רויט פליייש, דער ריח קיצלט אים אין דער נאָז און ער דרייט אַוועק דאָס פּנים, ער וויל שוין אַריי־בערגיין אַף יענער זייט גאַס, ווי פּלוצלינג דערפילט ער, ווי הינטער אים לויפט עפּעס מיט פלינקע טריט. באַלד גיט אים עמיץ אַ כאַפּ אַרום, הענגט זיך אין אים אָן און צעשטרייט זיך מיט אַ פריידיקן הילך:

— פּאַפּאַ!

דאָן איזראַעל נאַבעל גיט אַזש אַ ציטער, אַזאַ פריידיקן ציטער. ער האָט באַלד דערקענט, אַז אָט די טריטעלעך דאַרפן זיין פון עפּעס אַ באַקאַנט ליב וועזן און ער האָט טאַקע נישט קיין טעות געהאַט, אָט האַלט ער שוין זיין קינד אַף דער האַנט, זיין איינונאייינציקן זון; קושט ער אים אין מיטן מאַרק, צערטלט אים ווי ער וואָלט אים שוין לאַנגע יאָרן נישט געזען, דריקט ער אים שטאַרק צו זיך, דרייט זיך מיט אים אַף די אַפּצאַסן ווי אַ משוגע־געוואָרענער, דרייט זיך מיט אים פאַר אַלע מענטשן אין די אויגן און פּלאַפּלט:

— אוי ליטאַ, טייערער ליטאַ, ליטאַ.

אַ דיקע פרוי, וואָס זיצט אַף אַ קויש, שמייכלט צאַרט. באַלד צו־שמייכלען זיך נאָך עטלעכע פרויען און שאָקלען עפּעס ווי מיט באַדויע־רונג די צעשויבערטע קעפּ. נאָר די מענער מיטן בלינדן צוזאַמען מאַכן זיך נישט זען; זיי לאַכן אפשר אין זיך, אָבער דאָן איזראַעל אַרט דאָס זייער ווייניק, ער האָט זיך שוין אָפּגעפרייט מיט זיין זון, שטעלט ער אים פאָרזיכטיק אַראָפּ אַף דער ערד, קוקט אַף אים מיט פייכטע בליקן, ווישט זיך דעם שוויים פון שטערן, נאָר דאָס קינד האַלט די ווייעס פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט, ציפּט נערוועאיש אַ קנעפּל פון זיין שניי ווייס כאַלאַטל. אָ, ער איז ווייניק וואָס ענלעך צום פּאָטער. נאָר דאָן איזראַעל נעמט זיך

נים צום הארצן, מילא איז ער ענלעך צו דער מאמען, אָבער, אַז ער הערט אים אמאָל לאַכן אָדער וויינען, דערמאָנט ער זיך, אַז קליינערהייט האָט ער אויך געוויינט אָדער געלאַכט... איצט שווייגט ער עפּעס, און ער נעמט אים פרעגן:

— פאַרוואָס שווייגסטו?

ליטאַ ענטפערט נישט.

— די מאמע האָט דיך געפּאַטשט?

— ניין! — רייסט ער נאָך אַלץ דאָס קנעפּל.

דער טאַטע קען נישט דערגיין וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט, נאָר באַלד כאַפּט ער זיך:

— וואו איז די מאמע?

— אָט, דאָרט! דאָרט!—ליטאַ האָט ענדלעך צורו געלאָזן דאָס קנעפּל.

דער טאַטע קוקט דאָרטן וואו ליטאַ ווייזט אים מיטן קליינעם הענטל און ער לאָזט פאַרשעמט אַראָפּ דעם קאָפּ. זיינע אויגן קוקן שוין אָפן מיסט וואָס וואַלגערט זיך אונטער זיינע פיס. ער זעט נישט מער ווי אָפּפאַל פון פאַרפוילטע פרוכטן, צעקוועטשטע וויינטרויבן, מאַראַנצן, מאַרעלן, אַרבעס־שויטן, אָבער דאָך זעט ער אויך ווי יענע פרויען געשטאַלט, זיין ווייב, שטייט אַנטקעגן פאַרגעביק, אַ לאַכנדיקע. אַ ווינטל צעפלאַטערט זיך, רייסט פון איר דאָס ראָזעווע קליידל, לאָזט איר נישט איינשטיין אויף אָן אָרט, ציט איר פונעם פּלאַץ, אָט ווי דער ווינט וואָלט איר מיט גוואַלד צוגעפירט צו איר ליבסטן, בכדי ביידע צו דערנענטערן, שלום מאַכן צווישן זיי.

זי גייט אים אַנטקעגן און צוזאַמען מיט איר שוועבט נאָך אַלץ מיט דער שמייכל, אַ צאַרט געלעכטער, וואָס מאַכט אַלץ פאַרגעבן. זי וויל זיך אויף גאָרניט דערמאָנען, אָבער זי דערמאָנט זיך דאָך; איצט גלויבט זי, אַז אַלץ וואָס זי טראַכט איז אמת, טרויעריק אמת, מיט איטלעכן טריט, וואָס זי שטעלט, דערנענטערט זי זיך פרייוויליק צו אַן אָפּגרונט, זי וועט זיכער אַריינפאַלן, נאָר זי קען זיך נישט באַהערשן אין העלפן; אָך, אמאָל איז געוועזן אַנדערש, אמאָל איז איר קערפּער געווען שלאַנק און היינט איז ער נישט ווי ער וואָלט באַדאַרפט זיין; די אויגן זיינען קלענער געוואָרן. דער בליק איז מאַטער, און די ברוסטן ווערן ווייכער... יאָ, זי גלויבט, אַז זי איז שוין זייער מיאוס. זי איז פולשטענדיק איבערצייגט,

אָבער אַ סאַך מאָל באַפאַלט איר אַ צווייפל, זי גלויבט, אַז זי האָט אַ טעות אין זיך. נאָר צום אומגליק, האָט זי נישט מיט וועמען זיך צו באַראַטן, פרעגן עפּעס אַן עצה, ווייל סוף כל סוף איז זי דאָך שטאַרק עלנט; מיט איר גאַנצער משפּחה איז זי צוקריגט דערפאַר וואָס זיי פאַרגינען איר נישט דאָס שטיקל ברויט, וואָס זי עסט, אַפילו די מאַמע איז שוין אַזוי אַלט, אַז זי ווייסט נישט וואָס זי רעדט... נאָך אַ גליק וואָס זי מוז זי נישט האַלטן בא זיך אין שטוב, זי וואוינט אַליין. אָבער דאָס מאַכט איר אַלץ נישט גליקלעך און אויסרעדן זיך דאָס האַרץ באַדאַרף זי פאַר די ווענט, אַפילו שיינע טאַפּיצירטע ווענט, אָדער פאַר איר קינד, וואָס ווייסט נאָך נעבעך גאָרנישט, כאָטש ער איז דאָס קליגסטע קינד אין דער גאַנצער וועלט, צום קינד רעדט זי אָפטמאָל ווען קיינער זעט נישט, אַזוי ווי ער וואָלט גאָרנישט געווען קיין קינד. אים פרעגט זי „צי די מאַמע איז אַ שיינע", זי קושט אים און פלאַפּלט ווי אַ פאַרשיכורטע:

„זאָג דעם אמת, איך בין שיין אָדער מיאוס?"

דאָס קינד, דער זון ליטאָ, ווערט עפּעס בלאַס פון דערשרעק, טוליעט דעם געקרייזלטן קאָפּ צו איר ברוסט און שרייט: „ביזט שיין, ביזט שיין"!...

איצט שטייט זי שוין נאָנט נעבן זיי, זי פרעגט נישט קיינעם ווי אַזוי זי זעט אויס. ליטאָ לויפט איר אַנטקעגן און שרייט פאַר גדולה, ווי ער וואָלט איר שוין יאָרן נישט געזען, ער פּלוידערט שנעל ווי זי וואָלט ניט געוואוסט, דערציילט איר, אַז ער האָט געפונען דעם טאַטן, זי מאַכט זיך מכלומרשט ניט הערנדיק און טרייבט אים פון זיך, דרייט זיך אין אַלע זייטן. ענדלעך ווערט שטיל, מאַן און ווייב שטייען שוין זייער נאָענט איינער אַנטקעגן אַנדערן, דער מאַן פילט שוין אויף זיך איר אָטעם, אָבער ער אָטעמט נישט. ער פינטלט מיט די אויגן. זי שטעלט אַוועק דאָס קוישעלע אויף דער ערד, באַמערקט, אַז זיין קראַוואַט איז נאַכלעסיק פאַר־בונדן, פרעגט זי נישט קיין דערלויבעניש, נעמט אים פאַרריכטן, נאָר דער מאַן דרייט מיטן קאָפּ, קוקט נאַריש אויף אַלע זייטן און וויל נישט איינ־שטיין אויפן אָרט, עפּעס נעמט אים וואָרגן אין האַלדז. עס דערוועקט זיך שוין אַ פאַרלאַנג צו קושן די הענט, די פינגער וואָס מאַטערן זיך מיט זיין קראַוואַט, נאָר ער באַהערשט זיך, ער קושט נישט, ער האַלט שטרענג פאַרקלעפּט די ליפּן, קוקט אויף אַ וואָלקנדל, וואָס שוועבט איבער זיין קאָפּ און הימל.

ענדלעך איז שוין דער קראוואט אויסגעצייכנט פארבונדן, זי פוצט אים נאָך אָפּ מיט די פינגער די לאַצן, און באַלד גיט זי אַזאַ איינפאַכן פרעג, פונקט ווי זיי וואָלטן שוין געפירט אַ שמועס פון עטלעכע שעה. זי שאַרט מיטן פוס אין מיסט:

— גייסט מיט אַהיים?

— ניין, איך דאַרף עפּעס דערליידיקן.

— פאַרזוים זיך נישט צום מיטיק.

— מאַך עס וואָס שנעלער!

ער הוסט שוין מיט געוויינלעכער שטרענגקייט.

— וואָס איז? — פרעגט זי נישט דרייסט און דערשראָקן.

דער מאַן ענטפערט נישט באַלד, ער הויבט אויף דאָס קוישל, נעמט איר אונטערן אָרעם, זיי הויבן אָן צו שפּרייזן, אָבער באַלד כאַפּט ער זיך, אַז ליטאַ איז ערגעץ פאַרשוואונדן געוואָרן, שטעלט ער זיך אָפּ, זוכט אים מיט די אויגן און זעט אים שטיין נעבן נעגער, וואָס פאַרקויפט פּאַפּוגייען. דאָס קינד שטייט פאַרגאַפט און ער מוז אים רופן אַפן הויכן קול. ער סטראַשעט אים מיט דער האַנט. ליטאַ קומט אַ דערשוויצטער שנעל צו לויפן, מאַכט זיך נישט ווייסנדיק, אַז דער טאַטע איז בייז און מיט אַ וויינענדיק קול, אַ חוצפּהדיק קול, פאַרלאַנגט ער, אַז מען זאָל אים שוין קויפן אַ פּאַפּוגיי, אַ געלבלעך גרינעם פּאַפּוגיי!

דער טאַטע איז אויפגערעגט, ער וואָרנט, אַז ער וועט אים שלאָגן אין מיטן גאַס, אָבער די מאַמע נעמט מיט אים איינטענהן: זי דערווייזט, אַז אַ פּאַפּוגיי איז אַ מיאוס באַשעפעניש, אַ שמוציקער פויגל וואָס טויג צו גאָרנישט, אַז פון פּאַפּוגייען פילט זיך אַ שלעכטער ריח, פע! זי האַלט זיך באַ דער נאָז.

ליטאַ איז פאַרצווייפלט, ניין, ס'איז נישט אמת! אַ פּאַפּוגיי איז דאָס שענסטע וואָס איז דאָ, ער וויל נישט קיין אנדער זאַך ווי אַ קליינעם פּאַפּוגיי, ער וועט אים אויסלערנען ריידן, יאָ, דער סעניאָר וואָס פאַרקויפט זיי, האָט דאָס געזאָגט, נו?

טאַטע מאַמע ווינקען זיך איבער און צושמייכלען זיך. טאַקע, ליטאַ איז דאָס טייערסטע קינד אין דער וועלט און איידער ער זאָל וויינען זאָל זיך בעסער די גאַנצע וועלט איבערקערן, טאַקע, זיי וועלן אים באַלד קויפן, אָבער זאָל ער האָבן געדולד אַ מינוט.

ליטאַ באַרואיקט זיך אַביסל, קוקט אין דער זייט צו דער נעגער מיט די פּאַפּוגייען איז נאָך נישט אַוועק. דאָס הערצל קלאַפּט אים שטאַרק, ער איז פול מיט חשד און אומצוטרוי, אַז זיין געבעט וועט מסתמא נישט דערפילט ווערן, אָבער ער באַהערשט זיך, האָט שטאַרק מורא, אַז ער זאָל באַלד נאָכאַמאָל נישט דאַרפן זיך צעוויינען.

דערווייל שמועסן צווישן זיך דער טאַטע מיט דער מאַמען, זיי ריידן צווישן זיך גאַר פריינטלעך. דער טאַטע דערווייזט, אַז ער מוז נאָך היינט ווי שטענדיק אין אַזעלכע טעג, אַוועקפאָרן, ער וועט זיך אָבער נישט זוימען לאַנג, בסך הכל א וואָך צייט. דערנאָך וועט ער שוין קענען זיין צוויי וואָכן אין שטוב. ווייל אויב עס זאָל זיך ווענדן אין אים, וואָלט ער דאָך אליין געוואָלט שטענדיק זיין אין דער היים און נישט דאַרפן אַרומוואָגלען טעג און נעכט איבער דערפער און שטעט. אָבער ער איז נישט שולדיק.

דאָס ווייב שאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ. יאָ, זי ווייסט, אַז אייביק זיין אין דער היים קען ער נישט, אָבער זי וויל דאָך נישט מער, ער זאָל נאָר אַנשטאָט צו פאָרן היינט, פאָרן מאָרגן... זי בעט דאָך אים...

דאָס איזראַעל איז שוין פאַרמאַטערט, אָט נאָך אַביסל וועט ער הייזעריק ווערן, נאָר ער גיט אַזאַ ענערגישן מאַך מיט די הענט; פון רעדן וועט גאַרנישט ווערן, ס'איז נישט קיין פּלאַץ צו פּלאַפּלען, מען דאַרף זיין משוגע זיך אַוועקצושטעלן אין מיטן דער גאַס, מענטשן זאָלן קוקן און לאַכן, מיינען אַז מען שלאָגט זיך... גענוג! — ער טייטלט איר אין די אויגן און פאַרענדיקט:

— דו ווייסט דאָך יאָ, אַז איך קען נישט בלייבן, דו ווייסט דאָך!

זי, דאָס ווייב גיט זיך אונטער, זי נעמט א דערשלאָגענע, דאָס קוישל און לאָזט זיך שנעל גיין, זי דערמאָנט אים, אַז ער זאָל באַלד אַהיימקומען, ער זאָל געדיינקען.

דאָס ווייב איז שוין דערווייטערט, דאָן איזראַעל שאָקלט מיטן קאָפּ, אַז יאָ, דער קראַוואַט איז שוין באַ אים צוריק אין אַמתער אומאָרדענונג. אָבער ער איז צופרידן, ליטאַ דערמאָנט אים נאָכאַמאָל אינעם פּאַפּוגיי, דער טאַטע שמייכלט א רעזיגנירטער, ליטאַ האָט שוין נישט קיין געדולד און ער לאָזט זיך לויפן פאָרויס א פריידיק־ליאַרמענדיקער.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז שוין ליטאַ געוועזן פולשטענדיק

גליקלעך, ער איז שוין געגאַנגען זייער לאַנגזאַם, געהאַפּט צו באַגעגענען אַ חבר וואָס ער זאָל קענען ווייזן זיין אוצר, געהאַלטן פּאַרזיכטיק אין היטל דעם געקויפטן פּאַפּוגיי. נאָר דאָס פויגעלע דראַפּעט זיך אין היטל וויל אַרויסקריכן, פּאַטשעט מיט די כמעט נאָך נאַקעטע פליגל, פּישטשעט און וויינט. ליטאַ צערטלט אים: דריקט עס צו די באַקן, רעדט צו אים ווי צו אַ מענטשן און הערט נישט, אַז דער טאַטע רעדט צו אים. ער פרעגט:

— ווּעסט אים נישט מאַטערן?

— ניין!

אָבער ליטאַ טראַכט גאָר וועגן זיינע חברים, אַך, ווען זיי זעען אים איצט מיט זיין אוצר.

— ווּעסטו אים געבן צו עסן?

— יאָ!

— ווּעסט אַף אים האָבן רחמנות?

— יאָ!

— אָבער פאַרוואָס דאַרף מען האָבן רחמנות?—ער קוקט מיט עפּעס דערוואַרטונג אַף זיין זון, נאָר ליטאַ ווייסט שוין נישט וואָס צו ענטפערן. ער פּלאַפּלט עפּעס און דער טאַטע נעמט אים דערקלערן, דערווייזט אים, אַז דער פּאַפּוגיי איז אַ זאַך, וואָס לעבט און מיט אַלע לעבעדיקע זאַכן טאָר מען זיך נישט שפּילן ווי מיט אַ געוויינלעך שפּילצייג, ווייל אויך זיי טוט וויי, פאַרשטאַנען? זיי טוט אויך וויי...

ליטאַ שאָקלט מיטן קאָפּ, פאַרשטאַנען. דער טאַטע האָט אים שוין גאָרנישט וואָס צו זאָגן. ער קוקט אַף אַלע זייטן, דער מאַרק פּלאַץ נעמט זיך שוין צוביסלעך אָפּליידיקן, מען שפּאַנט שוין צוריק די פערד אין די וועגן, אַף הויכע פורן וואַרפט מען צוריק די סחורות, וואָס זיינען נישט פאַרקויפט געוואָרן. די זון שטייט אין מיט הימל, די לופט און די שטיינער זיינען גליאיק דערהיצט. פון די אַנטקעגנדיקע הייזער, וואָס זיינען צו־מיינסטן שענקען און גאָרקיכן, שמעקט מיט געפּרעגלטע פיש; בעטלער און הינט גריבלען זיך אין איבערגעלאָזטע קופּעס מיסט. פון ערגעץ וואו קומט אָן אַ ריזיקער וואַסער־וואָגן און שפּריצט פון זיך מיט דינע שטראָמען וואַסער, באַפייכט מיט רעש דעם שטיינערנעם ברוק, לאָזט נאָך זיך אַ צעגלאַנצטן פּאַס, וואָס טריקנט זיך באַלד אויס. ערגעץ וואו קלינגט אַ קלויסטער גלאָק, באַלד צוגרילצט זיך ערגעץ אַ סירענע, וואָס באַפרייט

מענטשן פון שווערער ארבעט, אָבער ווערט באלד פארטויבט פון אַ מעכ־טיק נאָר דין פייפעריי, — אַ באַן דערנענטערט זיך צו דער שטאָט, איילט מיט טייוולישער שנעלקייט, בעט מען מ׳זאָל פריי לאָזן דעם וועג, וואָרנט מען מ׳זאָל דערפילן דעם באַפעל.

דאָן איזראַעל נאָבעל גיט זיך אַ כאַפּ, ער ציטערט אַזש פון אומגעד־דולד, ער שרייט אפן זון ער זאָל זיך צוויילן, ווייל ער דאַרף נאָך זיין אין גאַראַזש. אַלזאָ, פלינקער, שנעלער!

***

און דאָן איזראַעל, אַגענט־אינקאַסענט פון זינגער מאַשינען, האָט ניט פארשפּעטיקט. פּינקטלעך צוויי נאָכמיטיק, איז שוין אַלץ געווען גרייט און פארטיק נאָר איין זאַך האָט ער שוין נישט באַוויזן צו טאָן, באַם בעסטן ווילן האָט ער זיך דעם טאָג נישט געקענט אויסריינִיקן די ציין ווי געהעריק, ווייל דער אויטאָמאָביל, אַ שיינענדיק־צוגלאַנצטער, שטייט פאַר דער טיר און וואַרט, וואַרט, אַז ער זאָל זיך אין אים ארייג־זעצן, לאָזן אין גאַנג דעם מאָטאָר און בייד׳ע צוזאַמען וועלן זיך צעיאָגן איבער דער וועלט, איבער בערגער, גריבער, פעלדער, אַך, וועלן זיי זיך יאָגן...

גוט, ער לאָזט זיך שוין אַף דער גאַס, ער טראָגט מיט זיך אַ לעדערנעם פּאָרטפּעל וואו עס ליגן טעוועלעך מיט אדרעסן, אַ רעוואָלווער מיט אַ פּערלמוטערן הענטל, עטלעכע זשורנאַלן וואָס איינער פון זיי איז גע־דרוקט מיט פרעמדער משונהדיקע שריפט, אַ שריפט וואָס נאָר דאָן איזראַעל קען דאָס לייענען און ווייכט, אַז זיין זון וועט דאָס שוין נישט קענען.

ענדלעך זיצט ער שוין אינעם אויטאָמאָביל. דאָס ווייב, אַ איבערגע־טוענע, שטייט נעבן אים, דערלאַנגט אַ רענצל צוזאַמען מיט אַ שוואַרצן רעגנמאַנטל. ער פאַרלייגט עס ערגעץ אונטער זיין מיט ברוינעם לעדער אויסגעבעטן זיץ־פּלאַץ. דער מאָטאָר רוישט שוין, דער אויטאָמאָביל ציר־טערט שוין, אָבער ער קען נאָך נישט פאָרן. ליטאָ ליגט אינעווייניק, ברייט צולייגט אַף די צוויי נישט נויטיקע זיץ־פּלעצער, וואָס נוצן אים צו גאָרנישט. עס זיינען פאַראַן פיר זיץ פּלעצער, אָבער באַזעצט איז מערס־טנסטייל בלויז איין אָרט. ליטאָ בעט רחמנותדיק, אַז דער טאַטע זאָל אים

מיטנעמען. דער טאַטע ענטפערט נישט, שרייט אפן ווייב, אז זי זאָל אים אַרויסשלעפּן. נאָר זי לאַכט, איצט איז איר אזוי גוט אפן האַרצן, זי גלויבט, אז עס מאַכט נישט אויס, אז ער וועט זיך אַביסל דורכפאָרן מיטן קינד, זיך אדורכשפּאַצירן אַביסל מיטן קינד... דער מאַן פאָלגט אַ שוויי־גנדיקער, מילא איצט קען ער איר נישט אָפּזאָגן, שכנים זיצן פאַר די טויערן, קוקן מיט קנאה, סודען זיך. און דאָן איזראַעל האָט זיי נישט ליב, ער קען זיי נישט ליידן און וואָלט וועלן, אז זיי זאָלן ווערן בלינד, נישט קענען קוקן דאָרט וואו מען דאַרף נישט...

אַף צו להכעיס זיי קוועטשט ער די פּעדאַלן. דער אויטאָמאָביל גיט זיך א ריס פון אָרט, לאָזט זיך שנעל לויפן לענג אוים דער גאַס, לאָזט הינטער זיך א בלויען רויך, ווערט וואָס אמאָל קלענער, פאַרשווינדט העט ווייט באַם האָריזאַנט, דאָרט וואו די שטאָט פארענדיקט זיך. די שכנים פאַרייסן די קעפּ, קוקן אין דער זייט, וואו דער אויטאָמאָביל איז פאַר־שוואונדן, דערנאָך קוקן זיי אַף דאָן איזראַעלס ווייב, זי זעט איצט קיי־נעם נישט, קוקט א לאַכנדיקע צום האָריזאַנט, שמייכלט מיט פייכטע אויגן און פאָכעט מיט דער האַנט, באַלד דערזעט זיך נאָכאמאָל א שוואַרץ פּינטל, עם פאַרגרעסערט זיך שנעל, רוישט און אָט האָט זיך שוין דער אויטאָמאָביל מיטאַמאָל זיך געגעבן א שטעל אָפּ, דער מאַן לאַכט:

— צופרידן?

נו, צייט איז דאָ ווייניק, ליטאָ דראַפּעט זיך אפן פאָטערס אקסל און קושט אים, דער טאַטע גיט אים צו דער מאַמען אַף די הענט, דער טאַטע זאָגט: „זיי געזונט אַלטע, גיב אַכטונג אפן באַנדיט!”

— זיי געזונט! — און אָנגעזאמלטע טרערן הויבן איר אָן צו ווארגן.

— זיי נישט בייז... ער בויגט זיך אַרוים פונעם אויטאָמאָביל און גיט איר א קוש. פאַר אַלעמען אין די אויגן קושט ער איר.

זי גיט צוריק א קוש, רוקט זיך אָפּ א פאַרשעמטע, ליטאָ צעוויינט זיך עפּעס, ער שרעקט זיך, צום ערשטן מאָל זעט ער ווי דער טאַטע קושט דער מאַמען, נאָר די שכנים פאַרדרייען די קעפּ, מאַכן זיך נישט זען און לאַכן שטיל, זיפצן; אודאי זיינען דאָך יאָ פאַראַן גליקלעכע מענטשן אַף דער וועלט!

אַזוי טראַכטן שכנים, מענטשן, און זיי ווייסן וואָס זיי טראַכטן; איצט איז דאָן איזראַעל באמת גליקלעך, ער יאָגט זיך שוין מיט משוגענער

שנעלקיים איבער גאסן, פייפט גרילצנדיק, דערשרעקט מענטשן און פערד, הינט לויפן נאָך מיט א שרעקלעך בילעריי, אָבער דערפילן באַלד, אַז דער מענטש איז בייז, משוגע, איז גרייט צו דערדריקן אָן אָפּהאַלט אַלץ וואָס שטעלט זיך אים אין וועג, אַנטלויפן זיי באַלד מיט א יאָמער־לעך וואָיען, טוליען זיך צו ווענט מיט אראָפּגעלאָזטע עקן צווישן די לאַפּעס.

ביסלעכווייז הויבן די גאַסן אָן צו פאַרשווינדן, הייזער ווערן וואָס אַמאָל וויינציקער און בוימער פאַרמערן זיך, ציען זיך איינס הינטערן אַנדערן, איינס אַנטקעגן אַנדערן, שטייען עפּעס ווי געליימט, פאַרגלי־ווערט, נאָר די שאָטנס אונטער זייערע שטאַמען באַוועגן זיך יאָ, שארכן מיט גרין שווארצע בלעטער אויף דער ערד, לייטערן די לופט, פאַריאָגן ערגעץ דעם שטויב, וואָס לייגט זיך אויף גראָזן און בלעטער. נאָר די אַר־בעט איז אומזיסט, די טייוולשע מאַשין, וואָס קומט פון ערגעץ אָן, מאַכט נאָך אָן א גרעסערן שטויב, גאַנצע וואָלקנס שטויב ברענגט מיט זיך די מאַשין, שטויב פון גרויסע שטעט, פון בית־עלמינס, פון ליימיקע זומפּן.

און דער וועג איז גרויס און ברייט, ציט זיך ביז צו האָריזאָנטן, און באַם דערגרייכטן האָריזאָנט הויבט ער זיך ווייטער אָן, וויל זיך ניט פאַרענדיקן, ערטערווייז, קירעוועט זיך דער וועג אויס אויף צוריק און פאַרקירעוועט זיך, בריקן קומען אַנטקעגן, טעלעגראַפן־סלופּן קומען אַנט־קעגן און באַהאַלטן זיך באַלד, ציען נאָך זיך שווארצע דראָטן, אַזעלכע מעטאַלענע פעדעם, העלפן אויסזינגען דעם ווינט זיינע לידער: אַמאָל אַזעלכע טרויעריקע בייזע, סוויטשענדיקע און איצט שטיל־זשומענדיקע, ציען זיי זיך איבער וועגן און שליאַכן, באַגלייטן אַלע מענטשלעכע באַשעפע־נישן וואָס וואָגלען און וואַנדערן.

און צווישן די אַלע וואָס וואַנדערן, איילט זיך איצט צום שטאַרקסטן, דאַן איזראַעל נאָבעל. זיינע אויגן זיינען ווילד צעעפנט, קוקן פאַרביסן אין דער ווייטקייט, גאַרן צו זען וואָס שנעלער אַלץ נייע וועגן, ווילן דער־בליקן עפּעס און ווייסן נישט וואָס, דערפאַר קוועטשט דאַן איזראַעלס פוס אַלץ שטאַרקער דעם אייזערנעם קנאָפּ, א געוויינלעך אייזערנעם האָק, וואָס צעעפנט דעם בענזין קראַן. גיסט אָן אויפהער די פליסיקייט אין מאָטאָר, פאַרוואַנדלט עס אין שרעקלעך עקספּלאָזירנדע פונקען, מעכ־

טיקע פונקען, וואָס צעיאָגן די רעדער אין אימהדיקן געדריי, צעווישט זיך אַלץ מיט אומהיימלעכן גערודער. פאַרטויבט אַלץ, אָבער דאָך הערט דאָן איזראַעל ווי זיין האַרץ קלאַפּט, ווי דאָס בלוט רוישט און ער קומט ביסלעכווייז צו זיך. ער כאַפּט שנעל אַ קוק אַפן וועלאָסימעטער, דער ווייזער ציטערט אַפן פינף און אַכציקסטן נומער. ער נעמט מאָמענטאַל אַראָפּ דעם פוס פונעם אייזערנעם קנאָפּ, אָבער די שנעלקייט האָט זיך נאָך גאָרנישט פאַרמינערט. נעמט ער אים צוימען, דער ווייזער אַפן וועל־לאָסימעטער פאַלט וואָס אַמאָל נידעריקער. איצט שטייט ער שוין אַף די פופציק.

דער אויטאָ פאָרט שוין איצט נאָרמאַל, נישט צו שנעל און נישט צו לאַנגזאַם. זיין אַנפירער, דאָן איזראַעל, האָט שוין איצט ענדלעך, צו־ריקבאַקומען זיין נאָרמאַלע קאַלטבלוטיקייט. ער טראַכט שוין איצט ווי אַ מיושבדיקער מענטש, ווי אַן אַגענט פון דער זינגער־קאָמפּאַניע, אַז דעם גרעסטן שטיק וועג איז  ער שוין אָפּגעפאָרן. איצט דאַרף ער זיך שוין נישט איילן, ער וועט שוין זיכער אָנקומען.

איצט באַהערשט אים שוין אַ שטאַרקע צופרידנקייט. ער שפּילט זיך מיטן רודער, לאָזט אָפּ איין האַנט און מאַכט מיט איר פרייליך קאָמישע באַוועגונגען אין דער לופטן. ער טוט זיך אויס דעם הוט און וואַרפט אים איבער זיין קאָפּ אַריין אינעם הינטערשטן טייל פון קאָטש, מיט דער זעלבער האַנט קעמט ער זיך אויך די האָר. ער קוקט פרייליך אין אַלע זייטן, אַלץ איז באַגאָסן מיט ליכט און דאָך וועט שוין באַלד ווערן נאַכט. אָבער אַרום אים איז אַלץ פריי און שיין; אָך, ער פאָרט דאָך שטענדיק אין די געגנטן און דאָך ווערט אים גאָרנישט פאַרמיאוסט. אַלץ איז אים אַזוי היימיש באַקאַנט. די צייטיק־געוואָרענע פעלדער, די דראָט־פאַרצוי־מונגען, די בהמות וואָס זיינען צעזייט איבער דער ערד, די אייזנבאַן־ליניע, וואָס ציט זיך שוין איצט צוגלייך מיטן וועג, די אייזערנע שינעס ציען זיך ווייט אַוועק, בלענדן אין די אויגן און דערמאָנען וועגן אומבאַ־קאַנטע לענדער.

דאָן איזראַעל צעגענעצט זיך פלוצלונג. ער איז די פאַרגאַנגענע נאַכט ווייניק געשלאָפן. ניין, עפּעס איז אים שוין  געוואָרן לאַנגווייליק.  עס דערוועקט זיך אין אים אַ חשק מיט וועמען צו שמועסן, ריידן וועגן וואָס

עס זאָל נישט זיין. נאָר איצט זעט ער נישט אין ערגעץ קיין מענטשן. אָך, עס איז אים שוין באמת לאַנגווייליק...

דאָן איזראַעל ווערט מיטאַמאָל שטאַרק סענטימענטאַל. ער קוקט אין אַלע זייטן, ער מוז דערזען אַ מענטשלעך געשטאַלט, וואס זאָל אים דער־מונטערן, שוין זשע זאָל אַף דעם אָרט פון האָריזאָנט צו האָריזאָנט, זיך נישט געפינען קיין מענטשלעך באַשעפעניש, עס איז דאָך נישט מעגלעך!..

און ער איז טאַקע גערעכט; ער לאַכט שוין אין זיך מיט פרייד: אָט דארטן געפינט זיך אַ מענטש, ניין, עטלעכע מענטשן, זיי זיינען אָנגעבויגן צו דער ערד, זיי גראָבן עפּעס אין מיטן פעלד, אָבער ער ווייסט ניט וואָס.

קוקט ער זיך שטאַרקער איין, לייגט צו די האַנט צום שטערן און גיט אַ שפּיי; יאָ, ער האָט גוט געזען, צוויי מענטשן שינדן אָפּ די פעל פון עפּעס אַ געפאַלענער בהמה. גיי פאַרבענק זיך נאָך מענטשן!...

אַ פאַרשעמטער, לאָזט ער דעם מאָטאָר אַ ביסעלע שנעלער. עט, איצט וויל ער שוין באמת נישט באַגעגענען קיין מענטשלעך געשטאַלט אָבער, פּונקט אַף צו להכעיס, זעט ער שוין מענטשן, אַ סך מענטשן; זיי רייטן אַף פערד, פאָרן אין צרהדיק־אַלטע אויטאָמאָבילן, לאָזן זיך שלעפּן פון אָקסן, זיצן אַף די דישלען, רייסן זיך די גאָרגלען בא יעדן טריט און ערשט מאָרגן שפּעט באַנאַכט וועלן זיי פאַרמאַטערטע אָנקומען אין שטאָט. גוט אַזוי...

אַזוי טראַכט שוין דאָן איזראַעל וועגן די מענטשן, ער וויל מיט פרייד אין זיי דערלעבן עפּעס אַ נקמה, דערזען זייי פאַרוויינטע און קלאָ־גנדיקע, אָבער זיי, די מענטשן מיט פאַרברוינטע פּנימער און שווערע הענט, ווייסן בשום אופן נישט, וואָס דאָס איזראַעל טראַכט איצט וועגן זיי און וואָס ער ווינטשט זיי. עס אינטערעסירט זיי אפילו נישט צו וויסן. דאָס איינציקע, וואָס זיי ווייסן איז, אַז דער מענטש אין אויטאָ־מאָביל קומט פון ערגעץ זייער ווייט, ער דאַרף מסתמא זיין אַ רייכער מאַן, אַ בכבודיקער מענטש, און זיי רעספּעקטירן זייער בכבודיקע מענ־טשן, ווייל זיי האַלטן זיך זעלבסט אויך מיט ווירדע און כבוד, דערפאַר גריסן זיי אים מיט די הוטן, ווען ער פאָרט זיי פאַרביי, און שרייען צו אים, ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן:

— אריאָס... אָ־די־יאָ... האָ־האָ!

אָבער דאָן איזראַעל ענטפערט ניט אויף זייער באַגריסונג, ער יאָגט זיך שנעל פאַרביי, טרובעט שטריינג מען זאָל אים אָפּטרעטן דעם וועג און זידלט אין זיך:

— אין דער ערד אריין... אין דער ערד! גוטע ברידער מיינע...

די פויערים בלייבן פאַרוואונדערט. צום ערשטן מאָל פּאַסירט זיי, אַז עמיצער זאָל נישט ענטפערן אויף זייער באַגריסונג. קראַצן זיי זיך די קעפּ, טראַכטן, אז דער מענטש פון אויטאָמאָביל דאַרף זיין משוגע אָדער שלעכט און זיי שיקן אים שוין נאָך מיאוסע קללות: זאָל אים געשען אַן אומגליק, זאָל זיך צעברעכן אַ ראָד, אַלע רעדער...

נאָר די רעדער זיינען נאָך שטאַרק... אַ סך שטאַרקער, ווי די מענטשלעכע קללות, זיי איילן מיט שנעלקייט. באַלד וועלן זיי שוין גרייכן זייער ציל. דאָן איזראַעל דערבליקט שוין פון דער ווייטנס דאָס שטעטל דעאָן פונעס. פון איבער בוימער שפּאַרט זיך אַ קליין צלמל אין הימל, הויבט זיך וואָס אַמאָל העכער, גרייכט שוין באַלד צו דער זון און ווערט וואָס אַמאָל פייערדיקער און רויטער און באַהעפט זיך מיט דער זון. באַלד האָט די זון פאַרברענט דעם צלם, נאָר אָט ווערט דער קרייץ צוריק אָנזעעוודיק, אומבאַרירט, נאָר די זון נידערט צו דער ערד. פאַרפאַלן, עס מוז באַלד ווערן נאַכט.

עס הויבט אָן צו טונקלען. די לופט ווערט קילער און שוואַרצער, פון זומפּן צוקוואַקען זיך זשאַבעס, פון ווילדע קוסטן און גראָזן זשומען נישט געזעענע ווערים. די וועלט ווערט פול מיט קולות פון די, וואָס האָבן מורא פאַר דער נאַכט און זיינען נישט זיכער צי זיי וועלן דערלעבן דעם מאָרגענדיקן טאָג.

אַז עס איז שוין געוועזן גוט פינסטער, איז דאָן איזראַעלס אויטאָמאָביל שטיין געבליבן פאַרן איינציקן האָטעל פון שטעטל. אַ האָטעל, וואָס רופט זיך מיטן נאָמען „פּרינטשיפּע די פּיעמאָנטע“ און איז בסך הכל אַזאַ פּירקאַנטיק בלעכענער קאַסטן אָן פענסטער און בלויז טירן. דאָן איזראַעל שטייגט פּאַוואָליע אַרויס, קלאַפּט פון זיך אָפּ דעם שטויב, קריכט אַריבער אַ דראָט־פּאַרצוימונג, וואו עס שטייען אָנגעבונדן עטלעכע אָנגעזאַטלטע שרעקעוודיקע פערד. אַ דיקער מענטש קומט אים באַלד אַנטקעגן, ער איז דער פּאַטראָן. דאָן איזראַעל באַגריסט זיך מיט אים

שטאַרק פריינטלעך, יענער פירט אים מיט כבוד אין הויז, בויגט זיך פאַר אים זייער נידעריק און פרעגט באַלד, צי ער וויל דאָס זעלבע צימער פון דע־מאָלט און צי ער וויל זיך שוין ארומוואשן.

דאָן איזראַעל דאַנקט פאַר דער גאַסטפריינטלעכקייט. ער פאַרלאָזט זיך אַפן פּאַטראָן, זאָל ער טאָן, וואָס ער וויל, זאָל ער נאָר פאַרזיכטיק זיין באַם אריינפירן דעם אויטאָ אין הויף.

דער פּאַטראָן לאַכט. דער אויטאָ שטייט שוין אין הויף. ער וועט אפילו באַפעלן מען זאָל אים ארומוואשן. ער איז שטאַרק פארשטויבט און פאַרבלאָטיקט, אָבער ער וועט זיין צופרידן, זאָל ער זיך נאָר אים פאַרטרויען, ער איז פאַר אַלץ פאַראַנטוואָרטלעך.

מיט אַ רואיק געמיט וואַשט זיך דאָן איזראַעל נעבן אַ טיפן ברונעם, וואָס געפינט זיך ווייט פונעם צימער, וואו ער וועט שלאָפן די נאַכט. אַפן פּאַטראָנס באַפעל, העלפט אים אַ פאַרברוינטער גאַוטש שעפּן וואַסער פון טיפן ברונעם, גיסט אים אַף די הענט, שמייכלט אונטערטעניק און פרעגט זיך צי ער וועט לאַנג בלייבן...

דאָן איזראַעל מאַכט זיך נישט הערנדיק: אָט אַ ברואה, ער מיינט, אַז דאָן איזראַעל וועט אים אָפּגעבן רעכענונג. ער וואַרפט אים צו אַ שטרענגן קוק, לאָזט זיך צוריק גיין אין צימער, זוכט דאָרט צווישן די פּעקלעך, וואָס זיין ווייב האָט אים מיטגעגעבן. ענדלעך געפינט ער וואָס ער זוכט און לאָזט זיך צוריק אריינגיין אינעם גרויסן עס־צימער, זעצט זיך נעבן אַ טישל וואָס איז פאַרשפּרייט מיט אַן אָפּגעריבענער צעראַטע, באַשטעלט עפּעס צו טרינקען און פאַרטיפט זיך אין לייענען.

לאַנג האָט דאָן איזראַעל געלייענט, נישט געהערט, ווי עס טומלט זיך אַרום אים, נישט געפילט אַף זיך די בליקן פון די נייגעריקע קליינ־שטעטלדיקע מענטשן. כמעט אַלע זיינען זיי אייביקע פּעאָנען, וואָס אַר־בעטן אין שכנישע פערמעס. זיי פאַרטרינקען איצט דאָס געלט, וואָס זיי האָבן פאַרדינט דורך שרעקלעך־שווערער ארבעט. זיי טומלען שטאַרק און שטערן דאָן איזראַעלן צו לייענען, רוקט ער פון זיך אָפּ דאָס גע־דרוקטע פּאַפּיר, זופּט לאַנגזאַם זיין ביר און גענעצט. ער וואָלט געוואָלט מען זאָל שוין וואָס שנעלער אָפּעסן און ער זאָל שוין וואָס שנעלער ליגן אין בעט... נאָר קיינער, אפילו דער גאַסטפריינטלעכער פּאַטראָן ווייסט נישט וואָס ער טראַכט. ער איז שטאַרק פאַרנומען מיט זיינע קונים.

ער איז נעבעך שטארק צוטראָגן און האָט ניט קיין צייט צו אָטעמען, דעם דאַרף ער געבן א רעשט, דאָ דאַרף ער האַלטן אויג אַף א ריזיקן יונג, וואָס גיסט זיך שוין אָן דאָס דריטע גלעזל פון א פלאַש. אויך דאַרף ער יעדע ווײַלע אַרײַנלויפן הינטער דער בלעכענער וואַנט, דאָרט, וואו עס געפינט זיך די שפּייז-קראָם, „וואו מען קריגט אַלץ". עמיצער וויל מיט־נעמען פאַרן ווייב דרייַ פאַר זאַקן. איינער איילט נאָך צען ליטער נאַפט, אַן עלטערע פרוי וויל זייף און צוקער, זי פרעגט אויך צי עס איז פאַר איר אָנגעקומען א בריוו...

דערפאַר איז דער פּאַטראָן שטאַרק דענערווירט. ער מוסרט זיין עלצטן זון, „אַז ער טויג צו גאָרנישט" און זיין פּנים נעמט ציטערן פאַר כעס. נאָר באַלד ווענדעט זיך צו אים א קונה און ער צעשמייכלט זיך מאָמענטאַל. ער באַגעגנט זיך אויך מיט דאַן איזראַעלס בליק און לאַכט צו אים ברידערלעך...

דאַן איזראַעל לאַכט אויך. ער רופט אים צו זיך און מיט צייכנס גיט ער אים צו פאַרשטיין, אַז ער וויל דער פּאַטראָן זאָל מיט אים אויס־טרינקען א גלעזל. דער פּאַטראָן שאָקלט מיטן קאָפּ אַף ניין, איצט נישט, שפּעטער...

דאַן איזראַעל מאַכט א באַליידיקטע מינע, נאָר אין זיך איז ער אַף אים נישט בייז. ער ווייסט, אַז דער פּאַטראָן איז נעבעך שטארק פאַר־האָרעוועט, ער האָט מיט אים מיטלייד און אפילו רעספּעקט צו אים. אודאי איז דער פּאַטראָן א פּעאיקער מענטש. דאַן איזראַעל באַוואונ־דערט אים: אַזעלכע מענטשן האָט ער ליב, אַרבעטזאַמע, טוינן צו אַלץ, און ווייסן ווי אַזוי צו פאַרזאָרגן זייערע קינדער. ווייל אויב ער האָט קיין טעות נישט, האָט דער פּאַטראָן פערצן קינדער.

ביסלעכווייז הערט זיך אויף צו טומלען, א סך מענטשן האָבן זיך שוין אָנגעטרונקען און זיי לאָזן זיך וואַקלענדיקע אינעם פינסטערן דרויסן, אַנדערע שפּילן אין קאָרטן, מאַכן קולות, לאַכן. בא איין טישל זיצן עפּעס עטלעכע מענטשן, צוויי זעען אויס גרויסשטאָטישע און אַנ־דערע דריי זיינען פּשוטע פּויערים; זיי טומלען נישט, נאָר שמועסן געלאַסן, זיי ריידן וועגן פאַרשידענע זאַכן, וועגן פּאָליטיק, וועגן וואַלן, וועגן מלחמות, נאָר באַלד הויבן זיי אָן ריידן וועגן סאָציאַליזם און רע־וואָלוציע. די דריי פּויערים דערווייזן, אַז סאָציאַליזם איז א שיינע אָבער

אוממעגלעכע זאך און די צוויי שטאָטישע בייזערן זיך מיט חוצפה, דער־ווייזן, אז זיי, די פויערים, ווייסן נישט וואס זיי ריידן אָדער מאכן זיך נישט וויסנדיק.

די פויערים פילן זיך באליידיקט, קלאפּן מיט די פויסטן אין טיש, ריידן שוין אלע מיטאמאָל, ענדלעך שטעלט זיך איינער פון זיי אוועק אין א נאפּאָלעאָנישער פּאָזע און שרייט מיט א באסאָווער שטים:

— ס'וועט זיך קיינמאל נישט טיילן א רייכער מיט אן אָרימען, ס'האָט נאָך אַזעלכעס נישט פּאסירט און וועט נישט פּאסירן!..

ער זעצט זיך צוריק אוועק א צופרידענער. די אנדערע צוויי פויערים קלאפּן אים געריררט אין פּלייצע: גוט געזאָגט, גוט!

איינער פון די שטאָטישע צעלאכט זיך טרויעריק. ער איז אפשר א העלפט די גרויס פון א דורכשניטלעכן פּויער. ער האָט קליינע בלאָנדע וואָנסעלעך, ער צופּט זיי נערוועז. ער שרייט אויך און כאָטש ער איז קליין און דאַר, דאָך איז זיין קול פּונקט אזוי הויך ווי דעם קעגנערס. ער ברומט ממש:

— ווער זאָגט דען, אז מען דארף זיך טיילן? איך זאָג נאָר, אז אלץ דארף געהערן צום שטאָט, דער שטאָט איז דער באלעבאָס און אלע מענטשן זיינען גלייכע שותפים אין שטאָט.

ער זעצט זיך צוריק אוועק, שפּייט, ציטערט פאר אויפרעגונג. נאָר קיינער אויסער זיין שטאָטישן חבר שיינקט אים כמעט נישט קיין אויפ־מערקזאמקייט. זיי לאָכן שוין צווישן זיך, פאררויכערן שטארקע „אוואנטי"־ציגאַרן און ביביקען פארעקשנט:

— אָבער עס איז דאָך נישט מעגלעך, קיינמאל וועט אזוי נישט זיין!

דאָס שטאָטישע מענטשל שטעלט זיך אויף, ער איז משוגע צעהיצט ער זשעסטיקולירט מיט די הענט און טענהט צום לעצטן מאָל:

— איך זאָג, אז עס קען יאָ אזוי זיין... מיר מענטשן קענען אלץ מאכן, מען דארף נאָר וועלן... וועלן!

ער גיט זיך מיט אמאָל אזא אומגעלומפּערטן דריי און לאָזט זיך מיט כעס צום ארויסגאַנג.

די פויערים בלייבן זיצן פארשטומט און צעטומלט, אָבער באלד קומען זיי צו זיך און זיי נעמען זיך אויסטענהן מיטן איבערגעבליבענעם שטאָטישן, וואָס שמייכלט די גאנצע צייט. עפּעס איז דאָס א מענטש,

וואָס זעט אויס צו זיין א גוטער און דאָך ווייסט מען, אז ער איז שלעכט; די אויגן פינקלען בא אים מיט א שפּאַטישן גלאַנץ און עס איז שווער צו ויסן וויפל ער איז אַלט. איין אַקסל איז בא אים א סאַך נידעריקער ווי דער אַנדערער, אַלע מינוט הויבט ער דעם אַקסל אין דער הויך, ווי ער וואָלט אים וועלן אַוועקשלעפּן אונטער א שווערער לאַסט — א לאַסט, וואָס מען קען זי פון זיך קיינמאָל נישט אַראָפּוואַרפן. דערפאַר איז ער בא אים עטוואָס איינגעצויגן. איצט רעדט ער מיט א שטיל קול, וואָס ער אַליין וויל אפשר נישט דערהערן:

— אַלץ איז מעגלעך, מענטשן קענען אַלץ, אָבער מיר מענטשן ווילן נישט... דער מענטש איז א חיה, וואָס באַגערט אַלץ און דאָך וויל ער גאָרנישט, ער וויל נישט!

די פּויערים זיינען שוין שטאַרק ערנסט, זיי בלאָזן פון זיך נערוועז וואָלקנס מיט בייסיקן רויך, קוקן אָנגעשטרענגט אפן מענטש מיט די אַראָפּגעדריקטע פּלייצעס, פרעגן זיך אַליין ווי אַלט ער איז און קענען ניט טרעפן. זיי זיינען זיך משער, אז ער דאַרף שוין זיין אַלט, אָבער ווערט שוין עלטער נישט ווערן.

דער מענטש איז שוין שטיל. ער האָט זיך ערגעץ פאַרקוקט, מעגלעך אז ער ווייסט וואָס די פּויערים טראַכטן וועגן אים און ער פילט זיך נישט באַקוועם. ער וויל, ווייזט אויס, בלייבן אַליין אָדער עס איז אים שוין נמאס געוואָרן זייער געזעלשאַפט, דערפאַר שווייגט ער שוין און דערפאַר זוכט ער עמיצן אַנדערש מיט זיין בליק. ער דערזעט פּלוצלינג, אז נאָך עמיצער קוקט אַף אים. יאָ, דאָס איז א באַקאַנט פּנים, ער איז זיכער, אז מיט דעם מענטש האָט ער זיך אַמאָל ערגעץ באַדאַרפט קושן אָדער שלאָגן. ער פאַרזשמורעט די אויגן און באַלד דערמאָנט ער זיך. אוראי דאָס איז דאָך איזראַעל נאָבעל, „ישראליקל"... דער זעלבער, וואָס אַמאָל... מיט יאָרן צוריק, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די וועלט-מלחמה, האָט ער אַלע זיינע באַקאַנטע געוואָלט דערווייזן, אז „די וועלט וויל זיך אַביסל אויסבאָדן אין אייגענעם בלוט". דערנאָך, ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה, אז עס איז דערמאָרדעט געוואָרן „דער ערלעכסטער פראַנצויז", האָט זיך איזראַעל נאָבעל, שטאַרק צעווײנט, געהעשעט א פאַריאַמערטער און היסטעריש געשריען:

— פאַרוואָס ווײנט נישט קיינער אויסער מיר? פאַרוואָס רייסט זיך

קיינער נישט די האָר אויסער איך? פאַרוואָס? פאַרוואָס? אָבער... אָבער, ער איז געווען פון די, וואָס האָבן דעם „נאַרישן נאָבעל" באַרואיקט, אהיימגעפירט, געלייגט אין בעט, געגלעט אים דעם שטערן און גערדראָעט, אז ער זאָל זיך נישט מאַכן נאַריש און משוגע, ווייל מ'וועט זיין גע־צוואונגען אים אריינצוזעצן צווישן אַלע „צופיל קלוגע מענטשן"...

אַזוי האָט מיט אים פּאַסירט. איצט געדענקט ער דאָס נישט, נאָר זיצט זיך ווי א מאַגנאַט און זופּט ביר — אוי־אוי־אוי.

דער מענטש קען זיך נישט איינהאַלטן. ער גיט א האַסטיקן שפּריז, גיט דעם דאָן איזראַעל נאָבעל א האַסטיקן קלאַפּ אין אַקסל און זאָגט צו אים אַף א לשון, וואָס קיינער אויסער זיי, פאַרשטייט נישט, אָבער אַלע הערן, ווי זיין קול ציטערט:

— דו דערקענסט מיך?

— יאָ! דאָן איזראַעל פאַרהאַלט זיך קאַלטבלוטיק און ער איז גאָרנישט איבערראַשט. די יאָרן האָבן אים פאַראַנדערשט, אָבער דאָך איז ער העפ־לעך, ער בעט דעם חבר זיך זעצן.

זיצן זיי שוין איינס אנטקעגן אַנדערן, דער חבר מורמלט וויל עפּעס פרעגן, דערוועגט זיך נישט, עס טוט אים שוין באַנג, וואָס ער האָט זיך געגעבן צו דערקענען, ווען ער שעמט זיך נישט פאַר מענטשן, וואָלט ער זיך מיט אים שנעל געזעגנט און וואָלט זיך ליבערשט צוריקגעזעצט צו די פּויערים. יאָ, מער וועט ער שוין נישט באַגיין אַזאַ נאַרישקייט און זיך געבן צו דערקענען צו א פריינט, וואָס מען האָט שוין נישט געזען מער, ווי א צענדליק יאָר. כאַפּט זיי דער רוח, די אַמאָליקע חברים...

א שרעקלעכער כעס נעמט אים שטיקן, באַלד צעהוסט ער זיך אויך מיט א טרוקענעם הוסט. דאָן איזראַעל, וואָס זיצט די גאַנצע צייט מיט קאַלטער פאַרפרעמדקייט, ווערט אביסל ווייכער. ווייל וואָס איז דער אַמאָליקער חבר שולדיק, אז מיט זיין אָנוועזנהייט דערמאָנט ער אים אָן נאַרישקייטן, וואָס ער איז אַמאָל באַגאַנגען? ער פילט זיך שוין שולדיק און הערנדיק, ווי דער חבר שטיקט זיך מיט א קרענקלעכן הוסט, דער־פילט ער צו אים א רחמנות און פרעגט שטיל:

— פאַרוואָס דערציילסטו נישט, וואָס עס הערט זיך בא דיר?

דער חבר גיט א שפּאָטישן בליק, ער ענטפערט צוצויגן:

— נישטאָ קיין נייס, נישטאָ! פּונקט ווי געווען!

— טאקע? — דאָן איזראעל איז שוין צו אים גאָר פריינטלעך און צעלאַכט זיך, פונקט ווי יענער וואָלט אים דערציילט א שרעקלעך־קאָמישע זאַך.

דערווייל נעמט מען גרייטן צום נאַכט־עסן.ביידע חברים באשליסן צו עסן בא איין טישל. פון מינוט צו מינוט ווערן זיי צוריק היימישער. זיי ריידן שוין פארחלומטע וועגן זאכן, וואָס האָבן אמאָל פאסירט און וועלן זיך שוין קיינמאָל נישט איבערחזרן. און דערנאָך, ווען מען האָט זיך שוין כמעט אלץ אויסדערציילט, מען האָט שוין אלץ געוואוסט, געוואוסט, אז דאָן איזראעל האָט חרטה, וואָס ער האָט זיך „פארדרייט דעם קאָפּ" און אז דער חבר באדויערט, וואָס ער איז נאָך ווי שטענדיק „איינזאם ווי א הונט", שמועסט מען שוין וועגן איצטיקע זאכן. און דאָן איזראעל גיט פלוצלינג אזא נייגעריקן פרעג:

— ווער איז יענער, וואָס האָט פריער דיסקוטירט מיט די פויערים? ער איז דאָך א גאַנצער רעוואָלוציאָנער, ווייזט אויס, א באוואוסטזיניקער מענטש, א שאָד, איך האָב באמת געהאט חשק זיך מיט אים צו באקענען...

דער חבר מאַכט זיך נישט הערנדיק. נאָר דאָן איזראעל רייסט אים באַם ארבל און צושרייט זיך מיט פארדרוס:

— אָבער דו הערסט נישט וואָס איך רייד צו דיר?

דער חבר באַרואיקט אים. ער גלעט אים צערטלעך די האַנט:

— אָבער וואָס ביזטו אזוי נייגעריק? און אז דו וועסט נישט וויסן ווער ער איז?... עט, עס לוינט זיך וועגן דעם פארשוין נישט צו ריידן...

— פארוואָס?

דער חבר בויגט זיך צו אים צו און רוימט אים איין עפּעס א סוד. דאָן איזראעל בלייבט זיצן דערשלאָגן, קוקט עפּעס אפן חבר מיט חשד, מיינט, אז דער חבר נאַרט אים אָפּ, פּויקט ער נערוועז מיט די פינגער אין טיש און פּלוידערט:

— אָבער עס קען נישט זיין... איך גלויב נישט, איך פארשטיי נישט וואָס דו האָסט מיר דערציילט...

דער חבר ווערט שוין בייז, ער ציט מיטן נידעריקן אַקסל פונקט ווי ער וואָלט אים וועלן אויסגלייכן מיטן העכערן. ער צעלאַכט זיך פארשייט און קאַלט:

— וואָס פאַרשטייסטו נישט? וואָס איז דאָ פאַראַן צו פאַר־שטיין? דו ווייסט נישט, אַז מען קען זיין אַ באַוואוסטזיניקער מענטש און זיין איינצייטיק אַן אייגנטימער פון אַ בורדעל... וואָס איז דאָ נישט פאַראַן צו פאַרשטיין...

דאַן איזראַעל ווערט באַ זיך זייער קליין אין די אויגן, יאָ! ער איז אַ גרויסער נאַר, וואָס מיינט, אַז ער פאַרשטייט זיך אויף מענטשן, צום סוף ווייסט ער אַ קריינק, צום טייוול...

דאַן איזראַעל וואָלט זיך נאָך לאַנג געוועזן אין זיך געזידלט, נאָר באַלד דערלאַנגט מען צו עסן. אָן חשק האַלט ער דעם גאָפּל אין האַנט און איז נאָך אַלץ פאַרטראַכט, נאָר דער חבר לאָזט אים נישט צורו, ער גיסט אים אַלע מינוט צו וואָס מער וויין אין גלאָז, קלאַפּט פריילעך אין טיש און בייזערט זיך קלוימערשט:

— עס! וועסט סיי ווי באַצאָלן... באַצאָלן מיט קנאַקענדיקע פעזע־לעך... עס!...

דאַן איזראַעל פאָלגט, ער נעמט זיך מיטאַמאָל שטאַרק שלינגען. און דערנאָך ווען זיי האָבן שוין אָפּגעגעסן, גייען זיי אַביסל אַרום פאַר דער טיר פונעם האָטעל באַקוקן שווייגנדיקע דאָס פינסטערע שטעטל. זעען ווי ערגעץ וואו צאַפּלען זיך פייערלעך. פון דער באַן־סטאַנציע צעטראָגט זיך אַ רעווען פון אָקסן, וואָס זיינען אָנגעפּאַקט אין אַ לאַנגע ריי וואַגאָנעס. איבער זייערע קעפּ לויכטן גרויסע פינקלענדיקע שטערן; די לבנה שיינט היינט נישט און דאָך איז ליכטיק. ברענענדיקע פאָספאָר פליגעלעך שוועבן חמרימווייז אין דער לופט, אָט ווי זיי וואָלטן וועלן מאַכן די נאַכט נאָך ליכטיקער, אַ ווינטל שאַרכט, צערוישט אַ בוים, וואָס וואַקסט אין מיטן וועג.

ביידע חברים שטייען נאָך אַלץ פאַרטראַכט. פּלוצלינג גיט זיך דאַן איזראַעל אַ צופּייף, דאָס פּייפט ער אויס אַ געוויינלעכן טאַנגאָ, דעם זעלבן טאַנגאָ, וואָס ער דערמאָנט אים זיך נאָר דעמאָלט ווען ער איז שטאַרק זאַט, אַזוי שטאַרק זאַט, אַז ער מיינט אַז קיינמאָל וועט ער שוין נישט זיין הונגעריק. ער פילט זיך אַזוי אויסגערוט, אַז ער ווערט שיר טרויע־ריק באַם געדאַנק, אַז באַלד מוז ער גיין שלאָפן. ער נעמט אויסטראַכטן אַ זאַך, וואָס זאָל אים באַפרייען פון שלאָפן גיין און באַלד גיט ער אַזאַ האַלב פאַרשעמטן זאָג צום חבר:

— ווען איך וויס, אַז דו וואָלסט מיך באַגלייט, וואָלטן מיר זיך אַביסל איבערגעשפּאַצירט דאָרטן אַהין... האַ?

דער חבר שמייכלט מיטן פּאַרטונקלטן פּנים:

— אדרבא! אין איינוועגס וועסטו זיך איבערצייגן צי איך האָב געזאָגט אַ ליגן... אָבער געדענק, אַז דו ביזט דער גביר...

דאַן איזראַעל קלאַפּט אים אין פּלייצע:

— ביזט נאָך אַלץ דער זעלבער אַנלייגער וואָס אַמאָל.... וואָס וועט פון דיר ווערן, וואָס?

דער חבר ענטפערט נישט, זיי לאָזן זיך שפּרייזן. זיי גייען לאַכנ־דיקע מיט פאַרוויטלטע פּנימער. ביידע קענען דעם וועג און דאָס הויז איז נישט נאָענט. דאַן איזראַעל באַדויערט, וואס ער האָט נישט אַרויס־גענומען דעם אויטאָמאָביל. דער חבר דערוויזט אים, אַז אַזוי איז אַ סאַך בעסער, נאָכן עסן איז גוט, אַז מען גייט צו פוס. דאַן איזראַעל איז שוין מסכים, אָבער ער דערווייזט, אַז אין אויטאָמאָביל איז דאָך זיכערער, ווייל וואָס טוען זיי איצט, אַז מען באַפאַלט זיי און דאָ האָט ער אפילו דעם רעוואָלווער אויך נישט מיט זיך! יאָ ווען ער וואָלט נישט געוועזן קיין לייכטזיניקער, וואָלט ער בעסער, שוין, איצט זיך באַדאַרפט אומ־קערן אין האָטעל.

דער חבר גיט זיך אַ בייזן ריס פאָרויס. ער האָט מורא, אַז דאַן איזראַעל זאָל אים פלוצלינג נישט שלעפּן אויף צוריק. דאָס האַרץ קלאַפּט אים שטאַרק און ער וואָלט אַוועקגעגעבן אַלץ, אבי ער זאָל שוין זיין וואָס שנעלער אויפן באַשטימטן אָרט. ער לויפט וואָס אַמאָל שנעלער. דאַן איז־ראַעל לויפט אים נאָך, שרעקט זיך ער זאָל אים נישט פאַרלירן, ווייל עס איז ניט אַנגענעם צו בלייבן באַנאַכט אויף אַ פינסטערן וועג אין מיטן פעלד. ער בעט זיך באַם חבר ער זאָל נישט לויפן, סטראַשעט, אַז ער גייט צוריק, נאָר יענער שרייט צוריק מיט אַ פרעמד קול און אַ הייזעריקער עכאָ ענטפערט צוריק:

— שנעלער... שוין.... באַלד... באַל־ד־ד!

זיי לויפן דערשוויצטע אין דער פינסטערניש. הינט צעבילן זיך ער־געץ, הויבן זיי אָן צו גיין לאַנגזאַמער. פון דערווייטנס לויכט זיך שוין אַ געל פייערל, ענדלעך, באַלד וועלן זיי שוין זיין אויפן אָרט...

זיי שפּאַנען שוין ווידער צוזאַמען. דאַן איזראַעל מוסרט אים דערפאַר

וואָס ער איז געלאָפן פאָרויס, אָבער דער חבר, דער קלוגער חבר איז שוין אינגאַנצן אַ געענדערטער, רעדט ער מיט אַ פאַרשטיקט־פאַרסאַפּעטן אָטעם:

— אָבער פאַר וועמען האָסטו מורא? יאָלד... נאַרישער יאָלד! דיר איז וואויל, האַ? האָסט אַ ווייב האַ?

דאָס איזראַעל וועל עפּעס ענטפערן, אָבער באַלד גיט ער זיך אַ האָסטיקן שטעל אָפּ, ער גיט אַ האַסטיקן שפּיי און דער חבר שפּייט אויך.ביידע קוקן אַף דער ערד מיט בייזע אויגן און נעמען שיקן אַף אַלעמענס חשבון שרעקלעכע קללות. און זיי זיינען כמעט געריכט. עפּעס אַ שטיק וועג איז פאַרגאָסן מיט רעגן וואַסער, וואָס האָט מסתמא די וואָך אָנגערעגנט. ס'זעט אויס אַ קליין טייכל, וואָס שפּיגלט אין זיך אויס די שטערן פון דער הויך און די פינסטערניש פון אונטן. ליגט עס אַזוי צעגאָסן, ווי עס וואָלט וועלן איבערשניידן די ערד, אָבער פון דער וויטן ברענט נאָך אַלץ דאָס געלע פייערל, איצט איז דאָס פייערל אַסאַך גרעסער און ליכטיקער, מען דאַרף נישט מער ווי אַריבערגיין דאָס וואַסער און באַלד גרייכט מען עס...

שטייען ביידע חברים, קוקן מיט בייזע פּנימער אַפן פלאַס, דערנאָך נישטערן זיי מיט די זעלבע בליקן אין וואַסער, ווילן געפינען אַ וועג און קענען נישט. דאָן איזראַעל גיט אַזאַ רעזיגנירטן מאַך מיט דער האַנט:

— האָסט נישט קיין מזל, ברודערל... וועסט שוין די נאַכט נישט זינדיקן, גאָט וויל נישט!...

דער חבר ווערט נישט נתפּעל:

— ווי לאַנג פוילסטו, ווי איך וועל שוין יאָ זינדיקן...

דאָן איזראַעל לאַכט:

— וועלן מיר זען... וועסט מיך דען צווינגען צו קריכן אין וואַסער?

דער חבר ענטפערט נישט. גיט ער זיך פּלוצלינג אַ צעזעץ אַף דער ערד, און איידער דאָן איזראַעל האָט נאָך צייט געהאַט צו באַטראַכטן וואָס דער חבר וויל טאָן, האָט שוין דער חבר געהאַט, אויסגעטאָן די שיך. אַט פאַרשאַרט ער שוין די הויזן און באַלד גיט ער אַ גיי צו צו דאָן איזראַעל, בויגט אָן דעם העכערן אַקסל און באַפעלט:

— קריך אַרויף!

דאָן איזראַעל נעמט זיך רוקן אַף צוריק, ער קוקט אַ צעמישטער אין

אַלע זייטן, באַלד וועט ער זיך געבן אַ האַסטיקן דריי אויס און אָנהויבן לויפן, לויפן אַזוי שנעל, ווי הינטער אים וואָלט זיך צעגאָסן אַ ים. אָבער דער חבר פאַרשטייט וואָס ער מיינט, ער גיט אים אַ האַסטיקן כאַפּ בײַ דער קלאַפּע, טרייסלט אים ווי ער וואָלט געוועזן זייער אַ לייכטע זאַך און זאָגט שטרענג מיט פינצטערע רציחה:

— קריך אַרויף, ווייל אויב נישט, וועל איך דיך נעמען מיט כוח!..

דאָן איזראַעל דערשרעקט זיך עפּעס, ער פילט זיך איצט אַזוי שוואַך און באַצוואונגען, אַז ווען מען זאָל אים איצט הייסן טאָן דאָס ערגסטע, וואָלט ער געפאָלגט און געטאָן, ער דראַפּעט זיך שוין אַפן חברס אַקסל, אַפן נידעריקן אַקסל, וואָס ווערט איצט אינגאַנצן אַראָפּגעדריקט. ביידע סאַפּען שווער, אָבער דאָן איזראַעל ציטערט און בעט זיך:

— אָבער, דו וועסט מיך נישט אויסהאַלטן, צו וואָס טויג דאָס דיר, צו וואָס?

דער חבר ענטפערט נישט, ער סאַפּעט ווי אַ פערד, וואָס שלעפּט נאָך זיך אַ שווערן וואָגן אין אַ טיפער בלאָטע. ער שפּרייזט לאַנגזאַם און אויף זיין אַקסל וויגט זיך דאָן איזראַעל. מיט איין האַנט האַלט ער אים אַרומ־גענומען באַם האַלז און מיט דער אַנדערער האַנט האַלט ער דעם חברס שיך. ער קוקט מיט מורא אינעם וואַסער, וואָס צעפּאַליעט זיך, שוימט זיך, בײַט די קאָלירן, שפּיגלט שוין מער נישט אָפּ די שטערן פונעם הימל, ביז עס פאַרוואַנדלט זיך אין פליסיקן שמוץ. אָבער דעם מענטשנס פיס ווערן וואָס אַמאָל וויסער, ריינער. אָט נאָך אַ פּאָר טריט און זיי זיינען שוין אויף דער טריקעניש. אָבער דער חבר שטעלט זיך אָפּ, ער וויל אַביסל אָפּכאַפּן דעם אָטעם. באַלד צולאַכט ער זיך און רעדט אַרויף צו דאָן איזראַעלן:

— אַך ביזטו שווער... פאַרוואָס עסטו אַזוי פיל? קענסט נישט פרעסן אַביסל ווייניקער?

דאָן איזראַעל איז שוין עפּעס אַביסל פרייליכער, באַלד וועט ער אַראָפּקריכן פונעם חברס אַקסל. דער געלער פלאַם פון דער ווייטנס האָט זיך שוין צעטיילט, געוואָרן עטלעכע פייערלעך, פון הויז אַרום הערט זיך עפּעס אַ גערויש, באַלד דערהערט זיך אַ דייטלעך געזאַנג, אַ טרויעריק געזאַנג, אַ געזאַנג וואָס ווערט באַגלייט מיט וויברירנדיקע טענער פון אַ גיטאַרע, אַן אינסטרומענט אויף וועלכן דער אייגנטימער האָט נאָך קיינ־

מאָל נישט אויסגעשפּילט קיין פריילעכן ניגון, אַ מענטש וועלכער איז מסתמא פון אייביק אָן פאַרצערט און פאַרבענקט, ער וועט שוין אַזוי אַ פאַרביינקטער שטאַרבן און דערווייל זינגט ער, צושיקט זיין געזאַנג איבער פינסטערע פעלדער און יאָמערט:

„קומט אהער יונגען, קומט אהער,
זעט ווי אַזוי מיר פאַרווילן זיך...
זעט, זעט, זעט"!

ענדלעך האָבן שויןביידע דורכגעשפּרייזט דאָס וואַסער.

זיי שטייען שוין אויף דער טריקעניש. דער חבר טוט זיך צוריק אָן די שיך. באַלד נעמען זיי שנעל שפּאַנען, פאָלגן אויס דאָס געזאַנג וואָס רופט זיי פון נאָנטער ווייט. אָט זיינען זיי שוין נאָנט נעבן זינדיקן הויז. דאָן איזראַעל וויל אַריינגיין דער ערשטער, אָבער דער חבר גיט אים אַ כאַפּ באַם אָרבל און זאָגט:

— אויף צוריק וועסטו מיך צוריקטראָגן!

דאָן איזראַעל גיט זיך אַ האַסטיקן ריס:

— אויב נישט?

דער חבר ווייזט אַ פויסט.

דאָן איזראַעל צושמייכלט זיך טרויעריק:

— איך וועל דיר טראָגן, טראָגן.

— גוט! — און ביידע פאַרשווינדן אין הויז.

אין עטלעכע שעה אַרום ווען ביידע חברים זיינען שוין געגאַנגען אויף צוריק אין שטעטל, האָט זיך שוין אַ העלער נעפּל געהאַט אַראָפּגע־לאָזט אויף דער ערד. היינט האָבן שוין נישט געבילט, פייגל האָבן שוין געשוועבט אין דער הויך, פון צייט צו צייט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד מיט אַ סוויטשעריי, געבן אַ פּיק, און לאָזן זיך צוריק אין הימל. בהמות שטעלן זיך פויל אויף די פיס און טרייסלען פון זיך אַראָפּ די נאַכט, ערגעץ וואו יאָגט זיך אַ מענטש נאָך אַ פערד און שעלט די וועלט מיט ביטערע קללות.

ביידע חברים גייען שוין צוריק צום שטעטל. זיי פילן זיך מיד און באַ דאָן איזראַעלן קלעפּן זיך די אויגן. ער איז מיד און וואָלט שוין וועלן ליגן אפן בעט, נאָר אַרום ווערט וואָס אַמאָל ליכטיקער, דער נעפּל טריקנט אויס און צוזאַמען מיטן נעפּל פאַרשווינדט די היימישקייט צווישן ביידע חברים.

דאָן איזראַעל איז שוין איצט צוריק דער אָנגעבלאָזענער רייכער־ער, וואָס פאַרמאָגט אַן אייגענעם אויטאָמאָביל, און איז דער הויפּט־אַגענט פון זינגערס מאַשינען. ער וואָלט שוין וועלן פּטור ווערן פון זיין חבר, אים קיינמאל נישט מער זען און וואָס שנעלער פאַרגעסן די אוואַנטורע פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט. דערפאַר האַלט ער זיך שוין אַביסעלע פון דער ווייטנס, ער גייט אין דער צווייטער זייט פונעם וועג; נאָר דער חבר לאָזט אים נאָך אַזוי פרי נישט צורו; ער רוקט זיך צו אים צו און טאָרעט אים, שרייט נאָך אַלץ אַזאַ צעוואָרעמטער און טייטלט מיט דער האַנט אַפן האָריזאָנט:

— זע! האָסט באַמערקט, אַפילו אַ בהמה וויל נישט גיין אין שפּאַן, זע ווי זי אַנטלויפט... נו, איז וואָס זאָלן שוין מיר, מענטשן, זאָגן, האָ?..

דאָן איזראַעל קוקט מיט גלעזערנע אויגן אין דער ווייט, ציט מיט די אַקסלען שפּייט, ווען דאָס וואָלט' געווען באַ אַן אַנדער געלעגנהייט, וואָלט יענער פאַרשטאַנען, אַז דאָן איזראַעל מיינט דערמיט צו זאָגן: „וואָס האָסטו זיך אָנגעטשעפּעטע אין מיר? וואָס ווילסטו? גיי צום טייוול, גיי!”

נאָר דער חבר פאַרשטייט נישט, אָדער מאַכט זיך נישט פאַרשטיין, עפּעס איז ער איצט אַזוי הפקרדיק און פּוסט ווי אַלע מענטשן, וואָס האָבן שוין אויסגעשעפּט דאָס לעצטע פאַרגעניגן, וואָס קען נאָר זיין און אויב עס באַלאַנגט נאָר אין אים, זאָל זיך די וועלט איבערקערן...

אַזוי טראַכט דער חבר, און די וועלט בלייבט אַזוי ווי זי איז. צוביס־לעך ווערט ער דאָך רואיקער און עס אַרט אים שוין גאָרנישט. נאָר ווען זיי זיינען שוין צוריק אין שטעטל, ווערט ער פּלוצלינג גאָר טרויעריק, קראַצט זיך דעם נידעריקן אַקסל, פרעגט באַם אַגענט פון זינגערס מאַשינען, צי ער גייט זיך איצט לייגן שלאָפן אָדער ער בלייבט וואַך ווי ער, ווייל באַלד דאַרף ער שוין נעמען דעם צוג. דאָן איזראַעל ענטפערט, אַז יאָ, ער איז זייער מיד. און צום סוף צושמייכלט ער זיך:

— וואָס, איך האָב דען מורא, אַז מיינע געשעפטן וועלן מיר אַנטלויפן? די באַן וועט אַנטלויפן? איך האָב אַן אייגענע באַן!..

דער חבר ענטפערט נישט, ער האַלט שוין עפּעס ווי פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ער פילט זיך זייער נישטיק און געפאַלן. ער הויבט אָן גיין לאַנגזאַמער און בלייבט הינטערשטעליק. נאָר באַלד זיינען זיי שוין באַם האָטעל. דאָס טויערל איז נאָך פאַרמאַכט. באַלד עפנט

עמיצער אויף און לאָזט דאָס שוין אָפּ. דאָן איזראַעל גייט אריין, נאָר דער חבר בלייבט שטיין אינדרויסן. דאָן איזראַעל פרעגט מיט א וואונק, פארוואָס ער גייט נישט אריין, נאָר דער חבר ווייזט אים מיט דער האנט אָפּ וואָקזאַל וואָס אנטקעגן. דאָן איזראַעל פארשטייט וואָס ער מיינט און ער געזעגנט זיך מיט אים פון דער ווייטן:

— אדיאָס!

— אדיאָס! ווען זעען מיר זיך נאָכאַמאָל?

— מירן זיך אמאָל זעען, זעען! — און ביידע דערווייטערן זיך. דער חבר צום וואקזאַל און דאָן איזראַעל דערנענטערט זיך צום צימער, וואו עס וואַרט אַף אים אַן אויסגעבעט, ריין בעט.

דאָן איזראַעל דערפילט זיך צובראָכן און מיד, אים ווייזט זיך אויס, אַז ווען ער וועט אויפשטיין, וועט שוין זיין צוריק נאַכט, אָבער ער שלאָפט אומרואיק און שלעכט, דאָס בעט ווייזט אים אויס שרעקלעך הארט. ענדלעך קען ער שוין מער נישט שלאָפן, ער עפנט די אויגן און ס'איז נאָך אַלץ טאָג, ער נעמט זיך שנעל אָנטאָן, זעט אַז עס איז פונקט מיטיק צייט, וואונדערט ער זיך און איז זייער צופרידן...

יאָ, ער נעמט זיך שוין ווייטער גרייטן אין וועג, ער זוכט אויס דעם האָטעל - אייגנטימער און בארעכנט זיך מיט אים, אָבער אנשטאָט אים צו באצאָלן, צאָלט אים נאָך דער אייגנטימער ארויס, ווייל אַלע קליענטן פון דעם שטעטל וואָס נעמען בא דאָן איזראַעל ניי־מאַשינען אַף אויס־צאָלן זיינען גאראנטירט פונעם האָטעל־אייגנטימער, אים צאָלן זיי איין די מאָנאַטלעכע ראַטעס און מיט דאָן איזראַעלן האָבן זיי קנאַפּע גע־שעפטן.

אַז דאָן איזראַעל האָט זיך שוין געהאַט בארעכנט, באהאַלטן דאָס געלט אין טייסטער, טרינקט ער שוין געמיטלעך צוזאַמען מיטן האָטעל־אייגנטימער עטלעכע גלעזלעך ווערמוט, דערנאָך כאַפּט ער זיך צום טייסטער און באַצאָלט. דער האָטעל אייגנטימער לאָזט נישט, בייזערט זיך און שרייט:

— אָבער דאָן איזראַעל! איך זאָג אַז איר וועט נישט באַצאָלן, איך זאָג אַז ניין... איך בין דאָך דער פּאַטראָן.

אָבער דאָן איזראַעל לייגט נישט קיין שום אכט אַף זיינע געשרייען, ער וואַרפט אוועק א פּאַפּירל אָפּן בופעט, דער פּאַטראָן וויל עס צוריק

וואָרפן, נאָר דאָן איזראַעל אַנטלויפט צום געגרייטן טיש און דער פּאַטראָן ליינט מיט אַ קרענקלעכער מינע אַוועק דאָס פּאַפּירל צו זיך אין בופעט־שופלאָד.

אַביסל שפּעטער האָט שוין דאָן איזראַעל געהאַט אָפּגעגעסן און ער אײַלט זיך שוין ווייטער גאָר שטאַרק. ער האָט שוין אַרויסגעפירט דעם אויטאָ־מאָביל פאַר דער טיר. דער פּאַטראָן גייט אַרוים זיך געזעגענען. זיי שמועסן נאָך אַ ווײַלע און כאָטש דער מאָטאָר פונקציאָנירט שוין, דאָך האָבן זיי נאָך אַ סאַך צו ריידן. דער פּאַטראָן מאַכט אים נאָך אַלץ פאָרוואורפן, דערפאַר וואָס ער האָט אים באַצאָלט פאַרן געטראַנק. אָבער דאָן איזראַעל מאַכט זיך נישט הערנדיק. ער רעדט גאָר וועגן עפּעס אַנדערש. ער וויל וויסן, וואָס זאָל ער טאָן מיט די „טשוועקעס" ראָסאַ סאָסאַ און אַנכעל גוזמאַן, שוין באַלד דרײַ מאָנאַטן וואָס מען זעט נישט פון זיי כאָטש אַ סענט... איז וואָס זאָל ער מיט זיי מאַכן?

דער פּאַטראָן שמייכלט אַביסל שולדיק. ער שווײַגט אַ מאָמענט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. אָבער באַלד גיט ער אים אַזאַ שטאָלצן הויב אין דער הויך און לייכט קלאָפּנדיק דאָן איזראַעלן אין אַקסל, טרייסט ער אים:

— פאַרלאָזט זיך אויף מיר... האָט געדולד, זיי וועלן שוין באַצאָלן!

— גוט! איך פאַרלאָז זיך אויף אײַך... צום ווידערזען...

— אַ דאַנק... זאָל אײַך גיין ווי אַמבעסטן, אַדיאָס!

ביידע דריקן זיך די הענט. דער אויטאָ רירט זיך שוין צוביסלעך פון אָרט, אָבער דאָן איזראַעל פרעגט נאָך, צי די וועגן זײַנען אין אָרדענונג. דער פּאַטראָן גייט נאָך אים און ענטפערט, אַז די וועגן זײַנען ריין ווי ביליאַרד טישן... דאָן איזראַעל דאַנקט אים מיט אַ מאַך פון דער האַנט, פאַרקירעוועט אויף דרום און יאָגט דעם אויטאָ מיט שנעלקייט און פאַר־שווינדט פון שטעטל, אַ פאַרהילטער אין אַ וואָלקן שטויב.

יאָגט זיך דער שטויב־וואָלקן איבער פּוסטע וועגן, וועגן וואָס פירן נאָר אין איין באַשטימט אָרט, צו קליינע טרויעריקע שטעטלעך, וואָס שפּרייטן זיך ווי פאַרגעסענע איבער דער ערד. אָבער אָפּטמאָל קרייצן די וועגן איבער דעם ברייטן „קעניגלעכן שליאַך", וואָס פירט צו גרויסע טומלענדיקע שטעט.

דאָן איזראַעל מאַנעווורירט לייכט, פון צייט צו צייט געגעצט ער. אודאי איז ער נאָך זייער מיד, היינט וועט ער שוין באַשטימט זיך

ליגן פרי שלאָפן... אז ער דערמאָנט זיך אינעם שפּאַציר פון דער פאַר־גאַנגענער נאַכט, רויטלט ער זיך, פאַר זיינע אויגן שימערט אַ געשטאַלט, וואָס וויל נישט אָפּטרעטן, ער זעט פאַר זיך זיין ווייב, ווי זי קוקט אױף אים מיט טרויעריקע אויגן, שאָקלט פאַרביטערט מיטן קאָפּ, און האַלט אין איין איבערחזרן אָן ווערטער: „מעג מען אַזוי? מעג מען?"

דאָן איזראַעל בלינצלט מיט די אויגן, וויל אַרויסוואַרפן פון זכרון דאָס געשטאַלט פון זיין פרוי, די מאַמע פון זיין קינד, און קען נישט, ווערט ער אַביסל נערוועאיש, גיט זיך עטוואָס אַ הויב פון אָרט און רעדט צו זיך אַליין אָפן הויכן קול:

— זי, אױף מיין אָרט, וואָלט דען בעסער געוועזן? האַ? אָבער באַלד ווערט ער אַנטשוויגן. ער קוקט עפּעס אין אַלע זייטן און אפילו אין דער הויך, ער איז צופרידן וואָס קיינער האָט אים ניט געהערט ריידן צו זיך אַליין.

און נאָכאַמאָל צעגענעצט ער זיך. אַך וואָלט ער וועלן עס זאָל שוין ווערן נאַכט און דאָ ציט זיך עפּעס דער היינטיקער טאָג ווי אַן אייבי־קייט. דערצו, ווערט עפּעס די געגנט וואָס אַמאָל טרויעריקער און איינזאַ־זאַמער. אַרום הערשט אַ מוראַדיקע ווילדעניש. אומעטום וואַלגערן זיך קופּעס פונעם ווינט אויסגעריסענע קוסטן, וואָס קייקלען זיך ווי לעבע־דיקע באַשעפענישן אױף דער ערד. אַרום זיינען די פעלדער פאַרוואַקסן מיט ווילדע, פון דער זון פאַרטריקנטע גראָזן. אומעטום וואו דער בליק גרייכט, איז אַלץ פאַרטריקנט פון דער זון און באַ די זייטן וועג ציען זיך, ביז אין אומענדלעכע ווייטקייטן, לאַנגע פאַרזשאַווערטע דראָט־פאַרצוימונגען, ציען זיך אין דער שרעקלעכער פוסטקייט. אין ערגעץ זעט מען נישט אפילו אַ בהמה, אויסער וואָס פון צייט צו צייט, שווידערט אויף דאָס אויג פון אַ צעפוילטער פּגירה, אין וועלכע עס רויען מחנות ווערים און פליגן. אױף די סלופּקעס פון די דראָט פאַרצוימונגען שטייען ווי פאַרגליווערט געלע סאָוועס, וואָס קוקן פאַרשטאַרט מיט שוואַרצע טרויעריקע אויגן, און אַז עמיצער פאָרט פאַרביי, דרייען זיי אויס די קעפּלעך, קוקן נאָך און שווייגן, שווייגן מיט טויטקייט און פאַר־עקשנטקייט.

דאָן איזראַעל געניצט שוין נישט, ער קוקט נאָר מיט בענקעניש צום האָריזאָנט. ער וואָלט שוין וואָס שנעלער געוואָלט זיין אין נאָענטן שטעטל

און גלייכצייטיק היט ער זיך נישט צו קוקן אױף די פּױלנדיקע פּגירות, וואָס פאַרשאַפן אים עקל און אויף די סאָוועס, וואָס מיט זייערע בליקן דערמאָנען זיי אים, אַז אַמאָל וועט ער אפשר ליגן ערגעץ אַ געשטאָר־בענער פּונקט ווי די פּגירות... ער דריקט שטאַרקער דעם שטאָלענעם קנאָפּ און רעכנט אין זיך די קילאָמעטערס צום נאָנטסטן שטעטל.

נישט לאַנג געדויערט און פון דער ווייטנס צונלאַנצט זיך עפּעס. אָט געפינט ער זיך נאָנט נעבן דער באַן סטאַנציע „קילאָמעטער הונדערט צוואַנציק". ער זעט שוין פון ווייטן די צינק שפּייכלער, וואָס געהערן צו דער צענטראַלער אייזנבאַן געזעלשאַפט, אָבער באַלד וואַקסט פאַר אים אויס אַ שוואַרץ פּינטל. דאָס פּינטל פאַרוואַנדלט זיך באַלד אין אַן אויטאָמאָביל. דאָן איזראַעל הויבט אָן פאָרן לאַנגזאַמער און באַלד שטעלט ער זיך אָפּ, באַטראַכט מיט באַדויערן דעם אויטאָמאָביל, וואָס איז שטיין געבליבן אין מיטן וועג. אַ מענטש פּאָרעט זיך מיט אַ ראָד און אינעווייניק זיצט אַ יונגע פרוי און פּויקט נערוועז מיט די פינגער אינעם לעדערנעם זיץ. דאָן איזראַעל באַגריסט זיי און דערפילט דעם נישט איינגעשריבענעם געזעץ פון איינזאַמע וועגן; אַ געזעץ, וואָס קיי־נער ברעכט נישט און וואָס באַשטייט אין העלפן זיך קעגנזייטיק. דער־פאַר גייט ער אַרויס פונעם אויטאָ און פרעגט:

— מיין הער! אפשר נויטיקט איר זיך אין עפּעס?

— ניין! אַ דאַנק, איך וועל שוין באַלד קענען פאָרן...

— זייער פיין... אַדיאָס.

דאָן איזראַעל פאָרט שוין ווייטער. עס פרייט אים זייער, וואָס מען נויטיקט זיך נישט איצט אין זיין הילף. ער פאָרט צו דער באַן סטאַנציע, באַשליסט זיך אביסל אָפּצורוען, אָנעמען נאַפט און פאָרן ווייטער.

דער אויטאָ בלייבט שטיין. דאָן איזראַעל קוקט אין אַלע זייטן, זוכט דעם נאַפט־דעפּאָזיט און קען אים ניט געפינען. לאַנגזאַם קרייצט ער דורך די סטאַנציע. באַלד דערזעט ער פון ווייטן אַרויסשטאַרצן אַ רויטע קאָלומנע. ער פאָרט צו און טרובעט. פון ערגעץ באַווייזט זיך אַ אינגל. דאָן איזראַעל שטייגט אַרויס, נעמט אַרויס דעם לעדערנעם זיץ און מעסט מיט אַ שטעקל דעם פאַרבליבענעם נאַפט. דאָס אינגל פרעגט וויפיל ער זאָל אַריינגיסן. דאָן איזראַעל באַרעכנט, אַז ער קען נאָך אַריינ־גיסן פינף און פערציק ליטער.

דערנאָך, ווען אַלץ איז שוין פאַרטיק, דאָס אינגל זאַמט זיך נאָך מיטן ברענגען א רעשט, קומט פון ערגעץ אָן אַן עלטערער מענטש. אין די ברייטע הויזן, וואָס ער טראָגט, דערקענט מען, אַז ער דאַרף זיין א דייכער גוטבאַזיצער. ער גייט גלייך צו צו דאָן איזראַעלן, דריקט אים די האַנט ווי א אַלטבאַקאַנטן און פרעגט אים אין וועלכער ריכטונג ער פאָרט.

דאָן איזראַעל ווייזט מיט דער האַנט אין דרום זייט. דער מענטש קראַצט זיך מיט פאַרדרוס דעם קאָפּ:

— איך האָב געמיינט, אַז איר פאָרט אױף מערב, געמיינט, אַז איר וועט מיך קענען מיטנעמען... וואָס טו איך איצט?

דאָן איזראַעל באַדויערט אים, ער וואָלט אים גערן געטאָן א טובה, אָבער...

א ווײַלע שווייגט מען, באַלד קומט צוריק דאָס אינגל. ער דער־לאַנגט דאָן איזראַעלן עטלעכע פּאַפּירלעך און דאַנקט. דאָן איזראַעל פרעגט אבער באַם גוט באַזיצער:

— ווי אַזוי זעען אויס די וועגן?

— גוט, גוט אויסגעצייכנט.

— נישטאָ קיין בלאָטעס?

— נישטאָ! אָבער... — דער גוט־באַזיצער מאַכט א סודותדיקע מינע

— מען דאַרף זיך היטן... וואַגאַבונדן פעלן נישט...

דאָן איזראַעל צעלאַכט זיך:

— איך האָב פאַר זיי ווייניק מורא... איך ווייס וואָס מען טוט, איך ווייס...

דער גוט־באַזיצער קוקט אױף אים מיט פאַרוואונדערונג.

— וואָס טוט איר?

— איך גיב גאַפּט, א סאַך גאַפּט... מיין מאַשין קען לויפן הונדערט קילאָמעטער א שעה. זי קאָסט מיך א סאַך געלט...

דער גוט־באַזיצער באַרואיקט זיך.

— אויב אַזוי, איז די זאַך עפּעס אַנדערש...

דאָן איזראַעל כאַפּט זיך, „אַז ער רוט זיך שוין צופיל אָפּ“. ער גע־זעגנט זיך און לאָזט זיך ווייטער אין וועג.

מיט דריי מינוט שפּעטער איז שוין פון דער סטאַנציע ניט געבליבן

קיין זכר. אומעטום איז פוסט און טרויעריק. פון צייט צו צייט גיט זיך דער אויטאָמאָביל א לייכטן טרייסל, ווייל דער וועג איז ניט אזוי ווי ער באַדאַרף צו זיין; אומעטום זיינען פאראן קליינע גריבלעך און בערגלעך. דאָן איזראעל טראכט אז איצט וואָלט ער ניט באדארפט פאָרן אזוי שנעל, ווייל ער קען נאָך א תל מאכן פון דער מאשין, פון דער מאשין, וואס איצט איז זי אים אזוי ליב און שיין, זי איז די שענסטע זאך וואס געפינט זיך איצט אף דעם מיאוסן שטיקל וועלט און ער פארגעסט ניט, בעת מעשה צו זידלען די רעגירונג, וואס ווייסט צו נעמען הויכע שטייערן און פאררוכט ניט די וועגן. ער נעמט קריצן מיט די ציין: הינטישע גנבים, גיב זיי נאָר געלט, געלט!

דער אויטאָמאָביל טרייסלט זיך וואס אמאָל שטארקער. דאָן איזראעל ווערט פארצווייפלט. ער וואָלט באַשטאַנען צו פאָרן לאַנגזאַם, נאָר ער געדענקט, אז מען האָט אים געוואָרנט פאר די וואַגאַבונדן, וואס וואַלגערן זיך אין דער געגנט. ער דערמאָנט זיך אין אַלע שרעקלעכע מעשיות און אומגליקן, וואס ער האָט זיך אָנגעהערט און דער אויטאָמאָביל פאָרט וואס אמאָל שנעלער, האסטיקער.

מיטאמאָל איז אָבער דאָן איזראעל געצוואונגען צו פאָרן לאַנגזאַמער. העט באַם האָריזאַנט איז דער וועג פארשטעלט מיט בערגלדיקע פלעקן, באַלד דערקענט ער, אז דאס זיינען פערד. ווען ער דערנענטערט זיך צו זיי, טרובעט ער שטארק, זיי זאָלן אָפּטרעטן פונעם וועג, אָבער די פערד רירן זיך ניט פונעם פלאַץ. דאָן איזראעל קוויטשעט, טרייבט זיי מיט א געמאכטן באַסאָווע קול. אָבער אז די פערד רירן זיך ניט, שטעלט ער אָפּ דעם אויטאָמאָביל און לויפט צו זיי מיט ווילדער רציחה. אָבער באַלד קילט ער זיך אָפּ און ער פילט, ווי עס קלעמט אים באַם האַרץ, ווייל פאר-וואס זאָל דען ניט פארצערט ווערן א מענטשלעך באַשעפעניש. ווען ער זעט אז אף קיינעמס באַראָט, האָט מען איבערגעלאָזט א צענדליק בלינדע פערדע, אויסגענוצטע חיות, וואָס האַלטן זיך קוים אף אויסגעדארטע, צי-טערנדיקע פיס און שטייען צונויפגעדריקטע פון א געמיינזאמען שלעכטס, וואס איז קענן זיי באַגאַנגען געוואָרן.

דאָן איזראעל שטייט פארציטערט און אָפּהענטיק. ער פארגעסט, אז עס דראָט אים א געפאַר, אז פון ערגעץ זאָלן ניט ארויסשפרינגען א מחנה באהאַלטענע וואַגאַבונדן. ניין, עס שטיקט אים און ווען ער האָט

צו זיך עמיצן צו הילף, וואָלט ער געבראַכט אביסל וואַסער פאַר די אומ־
גליקלעכע באַשעפענישן.

דאָן איזראַעל צעזיפּצט זיך, ער צעטרייבט זיי לייכט מיט רחמנות, פּאַטשט זיי צערטלעך איבער די אויסגעדאַרטע ביינערדיקע רוקנס. זיי ציטערן אויף, אַט ווי זיי וואָלטן דערפילט אַן עקל צו א מענטשנס באַריי־ רונג און רוקן זיך אין דער זייט צו דער דראַטענער פאַרצוימונג. איין פערד דערשרעקט זיך גאָר, הויבט אָן לויפן אַף צוריק, קערט זיך איבער און בלייבט ליגן מיט אויסגעצויגענע קנאָכיקע פיס.

דער מענטש געוואוינט זיך ביסלעכווייז צו צום בילד און ער הוסט אביסל. באַלד גיט ער אַזאַ שאָקל מיטן קאָפּ און זעצט זיך צוריק אַפן לעדערנעם געזעס און ווייטער רוקט זיך הינטער אים אַוועק דער וועג. דערנאָך דרייט ער אויס דעם קאָפּ אַף צוריק. די אומגליקלעכע באַשעפע־ נישן זיינען שוין פאַרשוואונדן, העט, העט, הינטער אים. ער ווערט אביסל מונטערער. צוגלייך מיט דאָן איזראַעלס מונטערקייט, הויבט זיך אויך אָן בעסערן דער וועג. די געגנט איז נאָך אַלץ א טרויעריקע, אָבער די ערד גלייכט זיך שוין אויס, ניטאָ מער קיין בערגלעך אָדער גריבלעך, ניטאָ קיין אומגליקלעכע חיות, וואָס מאַכן טרויעריק דאָס געמיט. די מאַשין קען שוין איצט פאָרן זייער שנעל און טרייסלט זיך שוין ניט. דער מענטש אין אויטאָ ווערט צוריק פריילעך: עט, ניטאָ וואָס צו נע־ מען זיך צום האַרצן, אַלע וועלן שטאַרבן, דערווייל דאַרף מען לעבן. לעבן און געניסן, לעבן און פריילעך זיין. יאָ, מען דאַרף זיך גאַרניט נעמען צום האַרצן... און דאָן איזראַעל איז שוין גאָר פריילעך. ער צע־ זינגט זיך שטיל, ברומט, אָבער וואָס אַמאָל ווערט זיין קול שטאַרקער און שאַלנדיקער. אַף פּוסטע פעלדער צעהילכט זיך זיין געזאַנג, א גע־ זאַנג, וואָס ער האָט נאָך, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט געזונגען און פון קיינעם ניט געהערט, א געזאַנג וואָס ווערט געבוירן אין מענטשלעכן בלוט, שטראָמט פון פאַרפּלאָנטערטע מענטשלעכע אָדערן, אָנגעזאַמלטע פון א סאַך יאָרן זיין פאַרפרעסט אינעם מענטשלעכן גוף. איצט, רייסט עס זיך א באַפרייטס אַף דער גרויסער וועלט אַרוים, טראָגט זיך הפקר־ דיק אין דער לופט, יאָגט זיך אַף אַלע זייטן. צייטנווייז ווערט עס ווילד, ווילד ווי טויזנט וואַגאַבונדן, וואָס יאָגן זיך לייכטזיניק, אַן אַפּ־

האלט, איבער אלע שטעגן פון דער ערד. יאָגן זיך אָן א ציל, א ציל וואָס באַשטייט אפשר אין גאָרניט דערציילן, גאָרניט גרייכן...

עס פארגייען מינוטן און דאָן איזראעל, אגענט פון דער מעכטיקער זינגער־קאָמפּאַניע, זינגט. עס ווערט שוין באלד א שעה און ער זינגט נאָך אַלץ מיט דערזועלבער שטאַרקייט, זיין געזאַנג פארטויבט אַלץ, פאר־טויבט דאָס לייכטע ריישן פונעם מאָטאָר. אויב עס זינגט ערגעץ א פויגל מוז ער אנשטומט ווערן, ווייל ער ווערט איצט פון קיינעם ניט גע־הערט. דאָס איינציקע וואָס מען הערט, איז דאָס קול פון א מענטשן, וואס איז ניט קיין וואגאבונד און זינגט ווי א מחנה וואגאבונדן.

און דאָן איזראעל זינגט נאָך אַלץ און ווערט ניט מיד. ער האָט איצט אין אַלץ פארגעסן און ממילא קען ער ניט וויסן, אז מיט פופציק קילאָמעטער פאר אים, שפּאַנט אַפּן וועג אַן אמתער וואגאבונד, א שוויי־גנדיקער, וואס אים זינגט זיך נישט. וואָס שלעפּט זיך א באָרוועס־סער מיט מידע טריט, גייט א פארשמאכטער אף א אומבאקאנטן וועג און טראַכט פון זיין מיד וואנדערנדיק לעבן: ער דערמאָנט זיך אפשר, אז אמאָל איז ער געווען א מענטש, וואס האָט ניט געוואוסט וועגן דער גרויסקייט פון דער ערד און ווייטקייט פון וועגן און אפילו ניט געהאַפט זיי צו קענען און אָט, עפּעס ווי דאָס וואָלט געשען אין איין אויגנבליק, וואָגלט ער איבער פרעמדע ערדן, וויל דערגרייכן אַן אָרט וואו מען קען זיך אָפּרוען, וויל דערגרייכן א ברונעם, וואו מען קען זיך אָנטרינקען און, קען ניט, קען ניט.

אזוי טראַכט דער וואגאבונד. ער קוקט מיט פארשטויבטע אויגן אין דער ווייטקייט, פילט ווי זיינע פיס ווערן וואָס אמאל שווערער, אים ווייזט זיך אויס, אז זיינע פיס ווילן איינזינקען אין דער ערד, פונקט ווי עמיצער וואָלט אף זיי דאָרטן געוואַרט, וואָס וויל זיך מיט זיי באהעפטן, דערפאר מוז ער מיט זיי קעמפן, שלעפּן מיט אלע כחות, ווייל ער וויל נאָך זיין אף דער ערד, שטיין ווען ער איז בא א ברונעם און טרינקען קאלט וואסער.

יאָ, אזוי טראַכט א וואגאבונד, חלומט וואכעדיק און קוקט צום האָריזאָנט, אָבער ער גיט זיך א קנייטש איין און צעקרעכצט זיך; ווייזט אויס אז אפילו חלומען איז אים ניט דערלויבט. ער דערפילט שוין היינט צום ווייפלטן מאָל שרעקלעכע ווייטיקן אין בויך, ווער ווייסט צי

זיינע געדערים האָבן זיך אים ניט אינעווייניק פארפּלאָנטערט אדער איבערגעריסן, אוי, אוי, אוי.

דער וואַגאַבונד קרעכצט מוראדיק. ער שטעלט זיך אָפּ, שפּאַרט זיך אָן אין דער פארזשאַווערטער דראָט פארצוימונג, גלעט זיך מיט פאר־ברוינטע הענט דעם בויך און קריצט מיט די ציין.

נאָר דער ווייטיק לאָזט ניט נאָך. דער מענטש קאַרטשעט זיך און קוקט הילפסלאָז צום הימל, נאָר דער הימל איז בלאָ, ניטאָ קיין וואָלקנס און דער וואַגאַבונד צעקרעכצט זיך נאָך שטאַרקער. אַ, ער וואָלט וועלן אז איצט זאָל זיין פארוואָלקנט, עס זאָל רעגענען, די וועלט זאָל פאר־פלייצט ווערן, ער וואָלט דעמאָלט געקענט שטילן זיין דאָרשט, אָנטרינקען זיך מיט רעגן וואַסער.

און דער וואַגאַבונד קוקט נאָך אַלץ צום הימל, און וואָלט ער זיך ניט געשעמט פאר דער בלאָקייט, וואָלט ער געוויינט, געברעוועט ווי אַ חיה. אָבער ער שעמט זיך און שפּאַנט ווייטער. שלעפּט שווער די פיס און קרעכצט.

צוביסלעך ווערט דער ווייטיק פארשוואונדן. דער וואַגאַבונד ווערט מונטערער, ער פארגיכערט די טריט. אמת, ער ווייסט אפילו ניט וואו ער געפינט זיך, אָבער ער באשליסט צו שפּאַנען ווייטער, וואס אמאָל ווייטער.

שלעפּט זיך דער וואַגאַבונד און הינטער אים שלעפּט זיך נאָך זיין שאָטן. באַם האָריזאָנט, וואס פון זיין רעכטע האַנט, רוקט זיך שוין די זון וואס אמאָל נידעריקער. באַלד וועט ווערן נאַכט, אַ שרעקלעכע פינצטערניש וועט זיך אַראָפּלאָזן אף דער ערד, דער וואַגאַבונד נעמט צונויף די לעצטע כחות און גייט ווייטער. באַלד באַמערקט ער, אז דער וועג האַלט זיך שוין באַם פארענדיקן. נאָר ער ווערט ניט פריילעכער, מסתמא וועט זיך אָנהויבן אַ נייער וועג.

דער וואַגאַבונד באַשליסט זיך אָפּצורוען, אָבער באַלד באַמערקט ער אפן האָריזאָנט אַ שוואַרץ פּינטל, דערפרייט ער זיך: מסתמא אַ מענטש. ער נעמט שנעל לויפן, אָבער ווען ער דערנענטערט זיך, ווערט ער צוריק אַנטוישט, ווייל עס איז גאָר אַ פּראָסטער איינזאַמער קאַקטוס־בוים, אַ בוים אָן צווייגן, אַ בוים וואָס וואַקסט אַרויס פון אַ קופּע שטיינער, אַ בוים וואָס דערלויבט קיינעם ניט אָפּצורוען אין זיין שאָטן, ווייל ער איז

פול באַדעקט מיט גרויסע שטעכיקע דערנער, די בלעטער זיינען ענלעך צו פּאַדעשוועס פון מענטשלעכע שיך, אַ מיאוסער בוים, וואס פון איין בלאַט זיינעם וואקסן ארוים ווי פּאַרזעעניש, אַנדערע בלעטער.

דער וואַגאַבונד וויל שוין ווייטער גיין, אָבער באַלד פאַלט אים עפּעס איין אין געדאַנק און ער זעצט זיך אַוועק אַף דער ערד. ער באַשליסט, אַז אַף דעם אָרט וועט ער אָפּשטעלן דעם ערשטן דורכגייער אָדער דורכפאָרער און בעטן אָדער צווינגען, אַז מען זאָל אים מיטנעמען צו אַ מענטשלעכן ישוב.

אַזוי וועט ער טאָן, ווייל דורכן היינטיקן טאָג האָט ער שוין באַגעגנט עטלעכע אויטאָמאָבילן, וועלכע ער האָט מיט געבעט צייכנס געבעטן זיך אָפּשטעלן, אָבער זיי האָבן אים ניט געפאָלגט, אדרבא זיי האָבן גאָר פאַרשנעלערט דעם גאַנג און שנעל אַנטלאָפן געוואָרן. אָט פּחדנים, האָבן מורא פאַר אַ קראַנקן וואַגאַבונד, מיינען אַז ער וועט זיי טאָן שלעכטס... אָט, וואס פּחדנים זיינען!

דער וואַגאַבונד צעלאַכט זיך מיט אַ ברייט צעעפנט מויל, ער לאַכט לאַנג, דערנאָך צופּט ער זיך די הויט פון די פאַרברענטע ליפּן און אַז עס בלייבט אים שוין ניט מער וואָס צו צופּן, ווערט ער צוריק ערנסט: אוודאי איז דאָ דאָס בעסטע פּלאַץ עמיצן אָפּצושטעלן. דאָ הויבט זיך אָן אַ נייער וועג און דער בוים מאַכט דעם וועג נאָך שמעלער, און אַז ער וועט זיך אַוועקשטעלן אינמיטן וועג, וועט זיך יענער מוזן אָפּשטעלן, יאָ, ער וועט מוזן! ווייל נאָך היינט מוז ער אָנקומען צו אַ מענטשלעכן ישוב, היינט! און זאָל פּאַסירן וואס עס וויל זיך, זאָל יענער אים טאָן וואָס ער וויל... אָבער ערגעץ מוז ער אים ברענגען, ער וועט מוזן!

דער וואַגאַבונד קוקט צום האָריזאָנט און וואַרט. ערגעץ מיט אַ פּאָר קילאָמעטער ווייטער, פּאָרט דאָן איזראַעל. קוקט אויך צום האָריזאָנט און זינגט.

אָבער דאָן איזראַעלס געזאַנג האַלט זיך שוין באַם פאַרענדיקן נאָך אַ שעה, עס וועט ווערן נאַכט און דאָן איזראַעל וועט זיך קענען ווי געהעריק אויסשלאָפן.

דאָן איזראַעל האָט שוין אויפגעהערט זינגען, ער איז שטאַרק פאַרשוויצט, ווישט ער זיך מיט דער לינקער האַנט דעם שטערן, ער גענעצט שוין ווידער, אָבער דער געניץ ווערט פּלוצלינג פאַרגליווערט אַף זיינע

ליפן, ער דערזעט פּלוצלינג ווי ניט ווייט פון אים, דאָרט וואו עס פאַר־נעמט זיך דער וועג, שטייט אַ בוים און אַ מענטש. דער בוים וויגט זיך עטוואָס דער מענטש שטייט פאַרשטאַרט, ער וויגט זיך ניט, נאָר שטייט אָן מורא אין מיטן וועג. דאַן איזראַעל פאַרשטייט שוין, אַז דער מענטש וויל אים אָפּשטעלן. באַלד דערקענט ער אויך, אַז דאָס איז ניט קיין מענטש, נאָר אַ וואַגאַבונד. יאָ, ער פאַרשטייט אויסגעצייכנט וואָס אַ וואַ־גאַבונד וויל אַף איינזאַמע וועגן...

באַם אַגענט פון דער זינגער־קאָמפּאַניע, דער מענטש וואָס רופט זיך דן איזראַעל נאָבעל, נעמט שטאַרקער קלאַפּן דאָס האַרץ. ער אָטעמט שווער און איז אַביסל צעמישט, אָבער עס איז ניטאָ קיין צייט צו טראַכטן. יאָ, ער האָט זיך שוין דערמאָנט וואָס ער דאַרף טאָן אין אַזאַ פאַל: נאַפּט, וואָס מער נאַפּט. אינעם נאַפּט דעפּאָזיט דאַרף נאָך זיין פערציק ליטער נאַפּט.

איצט געדויערט לאַנג ביז אינעם לעבן פון דאַן איזראַעל נאָבעל און פון וואַגאַבונד רוקט זיך איבער אַ סעקונדע.ביידע שפּיזלען זיך שוין פון ווייטן מיט די בליקן, די בליקן זיינען דאָס איינציקע געווער אינעם פאַרביטערטן קאַמף וואָס ביידע פירן איצט, אַזאַ שווידערלעכער שטרייט, אין וועלכן מען טאָר ניט קיין ציטער טאָן מיט די וויעס. אָבער ביידע האַלטן זיך שטאַרק, דער וואַגאַבונד שטייט אויסגעצויגן אַף זיין אָרט. די פיס עטוואָס צענומען אין דער ברייט, די רעכטע האַנט האַלט ער אין דער הויך, ווי ער וואָלט געוואָרנט פאַר אַ שרעקלעכער געפאַר און שרייט מיט אַ קול, וואָס איז נאָך ביז איצט קיינמאָל ניט אַרויסגעגאַנגען פון זיין מויל, מיט אַזאַ ברומענדיקער פעסטקייט:

— שטיי! שטיי! שטיי!

דאַן איזראַעל קוועטשט שטאַרקער מיטן גאַנצן כח זיין רעכטן פוס. די דיסטאַנץ צווישן ביידע פאַרקלענערט זיך, מיט אויסערגעוויינ־לעכער שנעלקייט און דאַן איזראַעל טרייבט דעם אויטאָ און שרייט צוריק:

— אַוועק! אַוועק! אַוועק!

אָבער דער וואַגאַבונד פאָלגט ניט, ער האָט נאָך אפילו צייט אָפּ־צושפּרינגען אין אַ זייט, אָבער ער טוט עס ניט, אַנשטאָט דעם, לאָזט ער זיך אַראָפּ אַף די קניען, איצט האַלט ער שוין ביידע הענט אין דער לופטן, ציט זיי אויס וואָס ווייטער פון זיך, ווירבלט מיט די פינגער אין דער לופט, מאַכט אַ באַוועגונג ווי ער וואָלט וועלן צוריקשטויסן

דאָס שרעקלעכע געשפּענסט, וואָס יאָגט זיך אױף אים; אָבער באַלד דער־פילט ער, אַז אַלץ וועט זיך פאַרענדיקן, די זון וועט זיך אויסלעשן און די ערד וועט צערונען ווערן אונטער זיינע פיס. אָבער, ער וויל ניט זען ווי אַזוי דאָס וועט געשען, פאַרשטעלט ער זיך שוין מיט די הענט דאָס פּנים.

דאַן איזראַעל ווייסט שוין וואָס עס וועט פּאַסירן, ער וואָלט שוין איצט גערן איינגעהאַלטן דעם אויטאָ, אָבער ער ווייסט אַז דאָס איז אומזיסט, איצט, ווען ער האָט אפשר די הילף פונעם וואַגאַבונד, וואָלט נאָך אַלץ געקענט זיין גוט; אָבער, ווי עס ווייזט אויס, וויל דער וואַגאַבונד שטאַרבן און דאָ קאָן ער שוין גאָרניט העלפן. אָבער, דאָך פּרובירט ער נאָך אַמאָל און שרייט שרעקלעך הויך:

— אַוועק! אַוועק!

אָבער דאַן איזראַעלס קול ווערט פּלוצלינג פאַרטויבט פון אַ טעמפּן אָבער הויכן קלאַפּ. דער אויטאָ גיט זיך אַ ציטערדיקן וואַקל, ער זעט שוין ניט מער דעם וואַגאַבונד, ער ליגט שוין איצט העט ווייט הינטער זיינע פּלייצעס, נאָר פונעם שטאָלענעם שטוים־שיצער הילכט נאָך אַזאַ טעמפּער, מעטאַלענער קלאַנג.

דאַן איזראַעל באַמיט זיך וואָס שנעלער אָפּצושטעלן דעם אויטאָ, אָבער עס געלינגט אים ניט. ער טאַרמאָזירט מיט אַלע כחות די רעדער און באַלד נעמט ער פאָרן מיטן הינטן לאַנגזאַם אױף צוריק. און ווען ער קומט שוין נאָענט צום ליגנדיקן מענטש, וואַגט ער ניט זיך צו דער־נענטערן גאָר נאָענט. ער איז צעטומלט און דערשראָקן. ער ווייסט ניט וואָס ער טוט. מיט אַ שטיל קול נעמט ער יענעם רופן, מיינענדיק אַז דער מענטש וועט זיך אויפהויבן, אָבער דער וואַגאַבונד רירט זיך ניט. ער ליגט מיטן פּנים צו דער ערד. דאַן איזראַעל דערנענטערט זיך נאָך אַ טריט און שפּרינגט אָפּ מיט שרעק. ער האָט דערזען, אַז באַם וואַגאַבונד איז דער קאָפּ פּייכט און אונטער אים ווערט די ערד וואָס אַמאָל פּייכטער. באַלד גליטשט זיך אַרויס אַ פלעק, וואָס צעגלאַנצט זיך אנט־קעגן די שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון. דאַן איזראַעל מאַכט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אויסרייסן די האָר פון קאָפּ. ער קוקט משוגע ווילד אין אַלע זייטן און פון אַלע זייטן זעט ער פאַרגיי־ענדיקע פאַרבלוטיקטע זונען.

דאָן איזראַעל איז שוין איננאַנצן ניט באַם זינען. ער לויפט צום אויטאָמאָביל, לאָזט אין גאַנג דעם מאָטאָר און לויפט נאָכאַמאָל אָנקוקן דעם געהרגעטן מענטשן. דער פלעק אונטערן מענטשן איז שוין געוואָרן א סאַך גרעסער. דאָן איזראַעל לויפט ווייטער צוריק צום אויטאָ. איצט זעט ער זיך שוין אריין, פאַרקערעוועט אַף צוריק און הויבט אָן דריקן דעם אייזערנעם קנאָפּ מיט אויסערגעוויינלעכער קראַפט.

דאָן איזראַעל איז שוין איצט צוריקגעקומען צום שכל. ער ווייסט שוין וואָס ער טוט. ער מוז וואָס שנעלער פאַרלאָזן די געגנט, קיינמאָל דורך דעם אָרט מער ניט דורכפאָרן און וואָס שנעלער אַנטלויפן, אַנט־לויפן ווי עס וואָלט גאָרניט פּאַסירט. נאָך היינט מוז ער זיך צוריק אומקערן א היים, זיך אריינלעגן אין בעט און מאָרגן, ווען ער וועט אויפשטיין און עס וועט ווייטער שיינען די זון, זאָל ער שוין אַלץ האָבן פאַרגעסן, גאַרניט געדענקען, ווייל עס האָט גאַרניט פּאַסירט... אי־בעריקנס האָט דאָך קיינער ניט געזען און קיינער וועט אים קיינמאַל ניט משפּטן, ווייל וואָס אמת, איז ער דאָך גאַרניט שולדיק, ער האָט געשריגן, געוואָרנט: אוועק! אוועק!

דאָן איזראַעל רעדט צו זיך אַליין, פאַרטיידיקט זיך פאַר ניט גע־זעענע ריכטער, בעט רחמים און דאָך וויל אים קיינער ניט זאָגן, צי איז ער דען ניט גערעכט?

און די מאַשין יאָגט זיך איבערן פאַרטונקלטן וועג. דאָן איזראַעלן ווייזט זיך אויס, אז עס איז שוין פינסטער. ער צינדט אָן די לאַמטער־נעס, וואָס גיבן פון זיך א יאָג צוויי שטראַלן מיט בלענדנדיקן ווייסן ליכט און דאָס קליינע לעמפּעלע, וואָס באַם וועלאָסימעטער. דאָן איז־ראַעל דערפילט, ווי עס ווערט אים פלוצלינג קאַלט. א ווינט פּאַטשט אים אָן אויפהער אין פּנים. מיט איין האַנט שטעלט ער זיך אויף דעם קראַגן און פאַרענטפערט זיך ווידעראַמאָל פאַר ניט געזעענע ריכטער:

— ווער האָט זיך געזאָלט ריכטן, אז דער וואַגאַבונד וועט ניט האָבן קיין מורא?

קיינער ענטפערט ניט. דער ווינט פלאַטערט וואָס אַמאָל שטאַרקער. דער מאָטאָר זשומעט און דאָן איזראַעל שווידערט.

אַרום ווערט די פינסטערניש וואָס אַמאָל שטאַרקער און צוגלייך מיט דער פינסטערניש ווערט דער ווינט ווילדער, זשומענדיקער. דאָן

איזראעל טוליעט די פלייצע צום לעדערנעם אָנלען, אָבער עס ווערט אים ניט ווארימער, ער הערט, ווי עס טרייסלען זיך זיינע ציין, פארדריקט ער שטאַרקער די ליפּן און קען ניט. ווערט ער גאָר פארצווייפלט און צע־שרייט זיך א וויינענדיקער אין דער פינצטערניש:

— ווער האָט זיך גערעכט, אז א וואַגאבונד וועט ניט האָבן קיין מורא, ווער?..

ארום איז ניטאָ ווער עס זאָל אים ענטפערן. דער ווינט ווערט שוואַכער. דאָן איזראעל קוקט אָנגעשטרענגט אף דער גלעזערנער שויב. איצט זעט ער ווי עס שפּילט זיך אָפּ זיין געשטאַלט. דאָס פּנים איז באַ אים געלבלעך און די אויגן גלאַנצן שטאַרק. אים ווייזט זיך אויס, אז די שטראַלן, וואָס יאָגן זיך פאָרויס פאַר אים, קומען ניט פון די לאָמ־טערנעס, נאָר לייכטן ארויס פון זיינע אויגן.

און די שטראַלן שוועבן אָן אויפהער, שניידן די פינסטערניש, און דאָן איזראעל נעמט ניט אראָפּ אפילו אף א מאָמענט דעם פּוס פון איי־זערנעם קנאָפּ. עס ווערט אים שוין צוריק ווארימער. איצט רעדט ער שוין ניט מער פאַר קיינעם. ער טראַכט אין זיך, אז קיינער קען אים גארניט טאָן, ער האָט דערפילט דאָס געזעץ, געטרובעט און געווארנט, ער איז גארניט שולדיק און איצט פאָרט ער זיך רואיק אהיים.

און מיט יעדער מינוט דערנענטערט ער זיך וואָס נענטער צו זיין היים. געבענטשט זאָל זיין די וואונדערבאַרע מאַשין, וואָס טראָגט אים אין זיך, געבענטשט זאָל אויך זיין דאָס אינגל, וואָס האָט אים באַזאָרגט מיט גענוג נאַפט. ער וועט האָבן אויסצוקומען.

דאָן איזראעל צעזיפצט זיך. אָך, איצט איז אים שוין צוריק געוואָרן היים. ער שאַרט זיך אראָפּ דעם קראַגן און פארקוקט זיך אין דער פינס־טערניש.

און אַרום איז אַלץ מיט שווארצקייט פארפולט. דאַכט זיך, אז קיינ־מאָל איז ניט געוועזן אזוי פינסטער, ווער ווייסט צי דער הימל איז ניט פארוואַלקנט. דאָן איזראעלן גלוסט זיך שוין שטאַרק צו קוקן אפן הימל, אָבער ער קען ניט, עס איז פינסטער און מען דאַרף זיין זייער פאָרזיכטיק.

פאָלגט דאָן איזראעל זיך אליין און באַהערשט זיך ניט אויפצו־הויבן דעם בליק אין דער הויך; אָבער זיין פארלאַנג שטאַרקט זיך פון

מינוט צו מינוט, ער קען זיך שוין מער ניט איינהאלטן, כאפּט ער א שנעלן בליק אין דער הויך, דערזעט אז דער הימל איז ריין ווי געוועזן, שטערן לייכטן, יאָגן זיך נאָך אים; יאָ, עס ווערט דאכט זיך אביסל ליכטיקער.

פּלוצלינג דערפילט דאָן איזראעל א מידן ווייטיק אינעם פוס, וואָס קוועטשט דעם אייזערנעם קנאָפּ. מיט א קרעכץ, בייט ער איבער אפן צווייטן פוס און פארקלענערט אביסל די שנעלקייט.

אזוי אנטלויפט די צייט, א צייט וואָס זעט אויס ווי אן אייבי־קייט. דער אויטאָ יאָגט זיך איבער גאָר א ברייטן שליאך, דאס איז דער „קעניגלעכער וועג", דערזעלבער וואָס פירט דירעקט אין זיין שטאָט. א וועג, אף וועלכן קיינער קען ניט בלאָנדזשען. דאָן איזראעל ווייסט שוין, ער קען שוין איצט בארעכענען וויפל קילאָמעטער ער האָט נאָך צו פאָרן: קנאפּע הונדערט צוואנציק קילאָמעטער, אין צוויי שעה ארום וועט ער זיין אין דער היים.

שוין! דאָן איזראעל איז שוין ווידער מונטער. ווען ער שעמט זיך ניט פאר זיך אליין, וואָלט ער זיך ווידער געברומט א ניגון... באלד וועט ער זיין ווידער אין דער היים. זיך ארומוואשן, לאנג זיך וואשן, אויסבאָדן זיך ווי אלעמאָל, ווען ער קומט פון וועג, פון א פשוטן וועג, ווייל עס האָט גאר ניט פּאסירט און אויב עס איז יאָ עפּעס געשען, איז ער אָבער נישט שולדיק... גייט ער צום טייוול, צום טייוול!

ארום ווערט וואָס אמאָל ליכטיקער. אין דער הויך לייכטן די שטערן וואָס אמאָל העלער, נאָר דער מאָטאָר רוישט פּונקט ווי שטענדיק, דע־בעט שנעל און יאָגט זיך פאָרויס, שטענדיק פאָרויס.

דער וועג הויבט וואָס אמאָל אָן צו ווערן לעבעדיקער, פון דער שווארצקייט לייכטן שוין צייטנווייז ליכטיקע פלעמלעך, נאָענט ארום, זיינען שוין ווידער דאָ מענטשן. באַ די זייטן יאָגט אמאָל פארביי א בוים, ערגעץ וואו פייפט א לאָקאָמאָטיוו און די מאַשין יאָגט זיך און יאָגט.

די לופט ווערט וואָס אמאל לויטערער און ריינער, די שווארצקייט שמעקט מיט בלומען ריחות און גרינסן, מען הערט שוין דאָס שארכן פון בלעטער, ארום וועג דארפן זיך ציען גערטנער און סעדער... דער וועג ווערט מיטאמאָל שלאנגיק פארדרייט, אָט וואקסט די ערד הויך

אַרויף און מיטאמאל לאָזט זי זיך טאָל אַראָפּ. אַף דעם אָרט איז שוין די ערד פאַרדעקט מיט אספאַלט. די גומי רעדער צעשוויטשערן זיך, פון דער פינסטערניש קומען אָן עטלעכע שמעטערלינגען, וואָס ציען זיך צום לאַמטערן ליכט, באַלד ווערן די לאַמטערנעס באַלאַגערט פון אַ גאַנצער מחנה, קאַלירטע זומער פייגעלעך, וואָס זשומען און קלאַפּן זיך אָן אין די שויבן, טרעטן שוין ניט אָפּ, שווינדלען פאַר די אויגן, מיט אַ סאַך פאַרבן, אַ סאַך זיינען ברוינע, אַנדערע ווייסע, נאָר די גרעסטע צאָל זיינען סאַמעט שוואַרץ.

נאָר דאָן איזראַעל פאַרטראָגט זיי ניט, ער נעמט נאָך שנעלער טרייבן דעם אויטאָ. די זומער פייגעלעך בלייבן הינטערשטעליק, ווערן וואָס אַמאָל ווייניקער, אָבער באַלד קומען זיי צוריק. דאָן איזראַעל רעזיגנירט, ער פאָרט שוין ווידער לאַנגזאַם, באַלד קרייצט ער איבער די אייזנבאַן ליניע, גלייכט גיך מיט איר אויס, זעט ווי פון דער ווייטקייט גלאַנצן רויטע סיגנאַל-לעמפּלעך. מיטאַמאָל לעשן זיי זיך אויס, עס צינדן זיך באַלד אָן גרינע. אַ הילכיקער פייף צעציטערט די לופט, לאָקאָמאָטיוו יאָגט זיך אנטקעגן אַ שווער סאַפּנדיקער. די שוואַרצקייט ווערט וואָס אַמאָל שוואַכער, פונעם האָריזאָנט העלט זיך אַ ליכטיקער נעפּל, דאָן איזראַעל גיט זיך אַ פריידיק הויב פונעם אָרט, יאָ, מען זעט שוין די שטאָט... ווי שיין זי איז!..

אונטען אין טאָל, שפּרייט זיך אויס די שטאָט. טויזנטער פייערן ליכטן פאַרשטאַרט. אסאַך שוועבן אין דער לופט, פאַרשווינדן אונטער שוואַרצע שאָטנס, באַווייזן זיך באַלד אַף אַן אַנדער אָרט, פאַרבאַהאַלטן זיך און עס קומען אנטקעגן אַנדערע.

דאָן איזראַעל טראַכט, אַז עס דאַרף נאָך זיין פרי, נאָר ווען ער פאָרט אַדורך די בריק און יאָגט זיך אַריין אין שטאָט, זעט ער, אַז עס איז שוין גוט שפּעט. אַלץ שלאָפט, אַלע טויערן זיינען פאַרשלאָסן. אַף די ראָגן פון גאַסן שטייען נאַכט שומרים און גענעצן. דאָן איזראַעל וועקט זיי איבער, ער טרובעט, ווי ער וואָלט וועלן אַלעמען אויפוועקן. נאָר קיינער רופט זיך ניט אָפּ, די מענטשן ליגן זיך אין די בעטן שטאַרק פאַרמאַטערטע, האָבן אַלץ פאַר איינמאָל אָפּגעטאָן, אָבער פאַרגעסן אויסצולעשן די לאַמטערנעס, — ווער דאַרף האָבן שפּעט באַנאַכט, ליכט אַף פוסטע גאַסן?...

דער אויטאָ פאָרט שוין עפּעס זייער לאַנגזאַם און דאָן איזראַעל האַלט טרויעריק אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און ער באַמערקט גאָרניט, אַז ער איז שוין אַף זיין גאַס. ערשט איצט דערפילט ער, אַז עפּעס דריקט אים אָן אויפ־הער און ווייסט, אַז עס וועט אים ניט ווערן לייכטער. ער האָט שוין איצט גאָרניט קיין חשק אהיימצוקומען, ער וואָלט נאָר געוואָלט, לאַנגזאַם פאָרן אין אויטאָ און קיינמאָל ניט דערפאָרן.

דער אויטאָ פאַרשטייט ניט, וואָס זיין האַר טראַכט און דערפאַרט. דאָן איזראַעל בלייבט שטיין בא דער טיר פון זיין הויז און שטייגט נאָך ניט אַרויס. ער טראַכט, צי וואָלט ניט בעסער געווען אים צו פירן דעם אויטאָ אין גאַראַזש. אָבער באַלד שטייגט ער אויס: עס מאַכט ניט, קיינער וועט אים ניט צוגנבענען, קיינער...

דאָן איזראַעל נעמט זוכן די שליסלען און געפינט ניט, קלאַפּט ער לייכט אין דער טיר און וואַרט. ער קלאַפּט נאָכאַמאָל, אָבער שטיל, ווי ער וואָלט געקלאַפּט אין אַ פרעמדער הויז. ער וואַרט אַ מינוט נאָך אַ מינוט, קיינער קומט ניט, קלאַפּט ער שוין ניט מער, נאָר זעצט זיך אַוועק אַפן מאַרמאָרנעם טרעפּל, קעמט זיך מיט די פינגער די האָר און זיפצט.

עס פאַרגייען מינוטן און דאָן איזראַעל זיצט נאָך אַלץ, נאָר ער זיפצט שוין ניט, וואָס אַמאָל בויגט ער טיפער איין דעם קאָפּ, מיטאַמאָל הויבן בא אים די אַקסלען אָן צו ציטערן. ער טרייסלט זיך אינגאַנצן. אַ פאַרשטיקט ברומען רייסט זיך אַפער פון אונטער זיינע קניען, מיטאַמאַל גיט ער אַ שפּרונג פונעם אָרט און שרייט צו דער ליידיקער גאַס:

— ווער האָט זיך געזאָלט ריכטן, אַז אַ וואַגאַבונד וועט ניט האָבן קיין מורא, ווער?

די גאַס איז שטום. ניטאָ ווער עס זאָל ענטפערן. דאָן איזראַעל גיט זיך אַ האַסטיקן דריי אויס צום טויער און הויבט אָן צו קלאַפּן.

קיינער קומט נאָך ניט און דאָן איזראַעל ווערט ווילדער. ער שפּאַרט זיך מיט קראַפט אין טויער. ער קלאַפּט שטאַרקער, נאָר באַלד דערזעט ער דורך אַ שפּאַרע, אַז אינעווייניק ווערט ליכטיק, ווישט ער זיך מיטן אַרבל דאָס פּנים און אָטעמט שווער.

עס דערהערט זיך אַ לייכט שאַרכען, אַ פאַרשלאָפן קול פרעגט אַף אַ פרעמד לשון, ווער קלאַפּט?

דאָן איזראַעל ענטפערט מיט פארקלעמטע ציין.

— איך, איך!

דאָס טויערל עפנט זיך לאַנגזאַם. דאָן איזראַעל גיט א האַסטיקן שטופּ פון זיך די טיר און לאָזט זיך לויפן. ער לויפט גלייך אין עס־צימער. די טיר איז פאַרמאַכט, ער צעעפנט איר מיט א שרעקלעכן שטויס, דער־נאָך גיט ער זיך א וואַרף אויף דער סאָפע און אָטעמט שווער.

באַלד קומט צולויפן דאָס ווייב. זי גייט במעט א האַלב נאַקעטע. טאַפּטשעט מיט נאַקעטע פיס. זי מאַכט ליכטיק, דערנענטערט זיך א פאַרשלאָפענע צום מאַן, רייסט אים און פרעגט אים מיט שרעק:

— וואָס האָט פּאַסירט?

דאָן איזראַעל שווייגט.

— אָבער וואָס איז געשען? זאָג! — זי גלעט אים דעם שטערן מיט ציטערדיקע הענט.

דער מאַן נעמט לייכט אַוועק די האַנט. זעצט זיך אויף, לעגט אַוועק די האַנט אויף איר אַקסל און שמייכלט מיט א שרעקלעכן שמייכל:

— גאָרניט... גאָרניט...

— אָבער דאָך, האָסט דאָך ערשט געזאָלט קומען איבערמאָרגן! ביזט קראַנק?

— ניין! געזונט, געזונט.

ער שטעלט זיך אויף און נעמט שפּרייזן איבערן צימער און דאָס ווייב ווערט אנטשווינגן. זי קוקט אים אין די אויגן מיט באַהאַלטענער מורא, וויל עפּעס פרעגן, נאָר דאָן איזראַעל צעשמייכלט זיך און זאָגט:

— איך האָב מיך פאַרבענקט נאָך דיר... גלויבסט?

די פרוי לאָזט א פאַרשעמטע אַראָפּ די אויגן, זי ענטפערט גאָרניט.

דאָן איזראַעל פרעגט נאָך אמאל:

— גלויבסט מיר?

די פרוי שאָקלט מיטן קאָפּ:

— יאָ, יאָ.

איצט איז שוין דאָן איזראַעל שטיל. ער זעצט זיך צוריק אַוועק אויף דער סאָפע, ער רוקט זיך צו נענטער צום ווייב, ניט באַ איר א כאַפּ די לינקע האַנט, גלעט איר און אזוי גלעטנדיק, פרעגט ער וואָס מאַכט דאָס קינד.

די פרוי ווערט לעבעדיקער און מונטערער. זי גיט א צארטן קוק אין שלאָפצימער, שמייכלט און צעציט די ווערטער:

— אוי, אוי, איז ער א באנדיט... א באנדיט? ער האָט מיך היינט א גאנצן טאָג גארניט געלאָזט טאָן. אז דו פאָרסט אוועק ווערט ער ווילד...

דאָן איזראעל לאכט:

— טאקע? איך האָב פארשטאנען... אודאי וואקסט ער דער אמתער יונג.

מאָן און ווייב לאכן שוין, באלד פרעגט זי אים, צי ער וויל ניט עפעס טרינקען. זי וויל גיין אין קיך, אָבער דער מאָן לאָזט ניט, ער וועט זיך נאָר בלויז ארומוואשן און גיין שלאָפן.

ער צעשמייכלט זיך און דאָס ווייב קוקט אויף אים און לאכט, אָבער באלד דערמאָנט ער זיך עפעס און פרעגט וואָס מאכט דער פאָפוגיי, וואָס ער האָט געקויפט דאָס קינד.

דאָס ווייב ווערט טרויעריק און אפילו אביסל ברוגז:

— איך האָב דיר געוואָרנט, אז דו זאָלסט אים ניט קויפן... אודאי, ער האָט זיך מיט אים אזוי לאנג געשפילט, ביז ער האָט נעבעך דאָס פויגעלע פארמאטערט, דערשטיקט...

זי איז שוין בייז און גיט נאָך צו:

— גוט אזוי... איך האָב דיר געוואָרנט, אז דו זאָלסט אים ניט קויפן אזא זאך.

דער מאָן הערט שוין ניט, וואָס דאָס ווייב זאָגט. די אויגן ווערן בא אים וואָס אמאָל גרעסער, זיינע נאָז־לעכער ציטערן, ער שפרינגט אויף פונעם אָרט און וויל דערגיין צום שלאָף צימער. נאָר מאָמענטאל שפרינגט דאָס ווייב מיט. זי איז פלינקער און פארשטעלט אים דעם וועג. אויך בא איר ציטערן די ליפן. אָבער זי שטייט פעסט ווי א וואנט. נאָר די ברוסטן הויבן זיך בא איר ארויף און אראָפּ. זי פרעגט, וואָס ער גייט טאָן?

דאָן איזראעל שרייט:

— דערווערגן אים... דערווערגן... זאָל ער וויסן, אז א לעבעדיקע זאך טאָר מען ניט טויטן... זאָל ער וויסן, דער קליינער הונט!...

דאָס ווייב לאכט אים ציניש אין פנים:

— וועסט אים ניט אָנרירן...

איך וועל יאָ! און ער נעמט זיך מיט איר ראַנגלען.

ראַנגלען זיי זיך און זי לאַכט אפילו בעת מעשה. דאַן איזראַעל, אָבער איז ערנסט, נאָר ער קען ניט באַגרייפן פון וואַנען האָט זיך צו זיין פרוי גענומען אַזוי פיל כח. מיטאַמאָל גיט זי אים פון זיך האַסטיק א שטויס. דאַן איזראַעל שפרינגט אָפּ אַף צוריק, גלייכט זיך אויס, ער וויל זיך שוין נאָכאַמאָל געבן א לאָז צום ווייב, אָבער זיין פרוי איז שוין גאָר געוואָרן היסטעריש, זי צעשרייט זיך מיט א קוויטש:

— זאָל איך שטאַרבן, אויב דו וועסט אים אָנרירן! זאָל איך שטאַרבן!

דאַן איזראַעל ווערט אָפּהענטיק. זיין פנים ווערט פאַרצויגן מיט אן עקלדיקער גרימאַסע. ער שאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט עמיצן באַדויערט און שעלט איר:

— ס׳מזל אַף דיר מיט דיין זון!.. דו, דו!

ער פאַרענדיקט ניט. דאָס ווייב צעלאַכט זיך מיט א חוזק געלעכטער. זי גייט אריין אין שלאָף צימער און פאַרמאַכט די טיר. דאַן איזראַעל שיקט איר אריין נאָך א קללה און נעמט זיך אויסטאָן. ער רייסט פון זיך א שוך און וואַרפט אים מיט א טראַסק אין דער פאַרמאַכטער טיר. דער צווייטער שיך האָט דעמזעלביקן גורל. באַלד לעשט ער אויס די ליכט, רייסט פון זיך אין דער פינסטער די קליידער און וואַרפט זיך אַף דער סאָפע.

איצט איז שוין שטיל. דאַן איזראַעל אָטעמט ניט. ער האַלט פעסט פאַרשלאָסן די אויגן, וויל שלאָפן און קען ניט. ער זעצט זיך צוריק אויף, צעעפנט די אויגן, זעט אַז אין דרויסן שאַריעט שוין אַף טאָג, פאַרקלאַפט ער מיט רוגזה די טיר און שלייכט זיך אַרום אינעם פינסטערן צימער. אַלע רגע פאַלט אין דער פינסטערניש אראָפּ מיט א טראַסק אן אַנדער זאַך און צעברעכט זיך מסתמא. נאָר דאַן איזראַעל איז צופרידן, ער שפּאַנט וואָס אַמאָל שנעלער, וואָס אַמאָל האַסטיקער. ער וויל מיט זיין שפּרייזן אַלץ צעברעכן און איינוואַרפן, פון אַלעם זאָל א תל ווערן ווייל ער, דאַן איזראַעל, איז א מערדער, זיין זון איז א מערדער, אַלע זיינען מערדערס, די איינציקע, וואָס זיינען ניט קיין מערדערס זייגען נאָר בלינדע באַשעפענישן, בלינדע מענטשן אדער בלינדע פערד,

זיי טוען קיינעם קיין שלעכטס ניט, ווייל פערד וואגלען אף פוסטע וועגן און בלינדע מענטשן שטייען אף מארק פלעצער און זינגען וועגן זאכן, וואס זיי זעען אן אויגן. און מארגן וועט דער בלינדער בעטלער אויסזינגען און דערציילן פאר דער גאנצער וועלט, וואס פאר א פאר־ברעכנס עס זיינען באגאנגען דאן איזראעל נאבעל און זיין זון... נו? איז וואס ארט אים, אז אלץ וועט זיך דערוווייל צעברעכן און פאר־ניכטעט ווערן?

און דאן איזראעל שפאנט נאך אלץ אינעם פינצטערן צימער, שפאנט און ווארט, אז עס זאל מיט דער וועלט פאסירן אן אומגליק, א שרעקלעך אומגליק...



# דער וואונדערלעכער שפּאַציר

ס'איז נאָך געווען גוט פינצטער, ווען דער אַלטער אברהם האָט אויף איי־
ביק פאַרלאָזן זיין זונס הויז. ער האָט שטיל צעעפנט דאָס שטאַכעטן־
טויערל, אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן און דאָס טויערל צוריק פאַרמאַכט.
ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט דורך די שטאַכעטן, געזוכט דאָס ריגעלע
און פון אינעווייניק געוואָלט פאַרריגלען. ער האָט זיך לאַנג געפּאָרקעט
און האָט בשום אופן נישט געקאָנט פאַרמאַכן. האָט ער צוריק אַרויס־
געצויגן די האַנט, דאָס טויערל האָט זיך צוריק געעפנט מיט אַ סקריפּ.
דער אַלטער איז מיטאַמאָל געוואָרן דענערווירט און בייז; ער האָט אַ
קאָפּע געטאָן מיטן פוס אין טויערל, ווי מען דערלאַנגט אַמאָל אַ בייזן
הונט. דאָס טויערל האָט זיך אָן עפּעס אָנגעקלאַפּט, צוריקגעשפּרונגען
מיט אַ קנאַל. ערגעץ נאָענט האָט זיך צעבילט אַ הונט. דער אַלטער האָט
אויפגעהויבן זיין זאַק פון דער ערד, אַ שפּיי געטאָן אינדערזייט פונוואַ־
נען עס האָט זיך געריסן דאָס הינטישע בילעריי און אַוועקגעשפּאַנט אין
דער פינצטערניש.

אויף אַזאַ אופן האָט דער אַלטער פאַרלאָזן זיין זונס הויז — דאָס ניי
געמויערטע הויז, וואָס איז געשטאַנען אין עק שטאָט, נאָענט צום וועג וואָס
פירט אַוועק ערגעץ ווייט. געשטאַנען אַנטקעגן שליאַך, אַז דער אַלטער
טאָטע זאָל גרינג קענען אַנטלויפן פון זיין זונס הויז, ער זאָל שוין קיינ־
מאָל נישט צוריקקומען.

און דאָס הינטישע בילעריי האָט נאָכגעיאָגט דעם אַלטן, פון אַלע
זייטן האָבן הינט געוואָיעט און געבילט. ער האָט אָנגעהויבן שנעל צו
שפּרייזן. די הינטישע קולות האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערווייטערן און
אַנטקעגן אים האָט געווייעט מיט נאַכט. ער האָט געוואוסט אַז ער גייט
אויף אַ גלייכן וועג לענגאויס די באַן־שינעס; אַ וועג אויף וועלכן עס זיינען
נישט פאַראַן קיין גריבער און איז גלאַט ווי אַ טיש; און דאָך, בא יערן
טריט האָט אים אויסגעוויזן, אַז ער וועט ערגעץ אַריינפאַלן — אַריינ־
פאַלן אין אַ גרוב און זיינע אַלטע ביינער וועלן צעשאָטן ווערן...

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און עס איז אים פרייליע־
כער געוואָרן אפן געמיט; דורך שוואַרצע וואָלקנס האָט אַדורכגעלויכטן

אַ ריזיקער שטערן, דער שטערן האָט געפינקלט מיט בלויען ליכט, זיך געצונדן, זיך געוואָלט נאָך מער אָנצינדן אַף צו באַלייכטן די פינצטערע וועלט און נישט געקאָנט; אַף דער ערד האָט געמבולט מיט נאַכט, מיט פאַרטאַניקן חושך.

דער אַלטער האָט נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פונעם שטערן. ער האָט שטיל געשפּרייזט און אַרום אים האָט געשטילט מיט שטילקייט און רו. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער דערגייט וואָס אַמאָל געטער צום שטערן; מיט יעדן טריט וואָס ער האָט געטאָן — אַז ער דערווייטערט זיך אַף אַ מייל פון זיין זונס הויז; פון דעם שלעכטן זון, וואָס איז אים פאַרבליבן ווי דער איינציקער נאָנטער און איינגענער — די איינציקע זאַך וואָס איז אים פאַרבליבן פון זיין אַלט לעבן... און אָט די איינציקע זאַך האָט ער איצט איבערגעלאָזט און אַוועקגעוואָרפן — אַוועקגעוואָרפן ווי עפּעס אַ שווערע משא, וואָס אַ מענטש, אַ נאַר, שלעפּט זיך מיט דעם אומזיסט דאָס גאַנצע לעבן, און ענדלעך, אין אַ גליקלעך קלוגער מינוט, קומט ער צום שכל און וואַרפט דאָס אַוועק, טרייסלט זיך אָפּ די הענט און שפּייט אויס. טפוי!

דער אַלטער האָט אַזוי געטאָן; ער האָט אַזאַ טרייסל געטאָן מיט די הענט אין דער פינצטערניש, אָפּגעשאָקלט זיי, ווי איינער וואָס רירט זיך אָן אין אַ שמוציק־טמאדיקע זאַך: ער האָט עטלעכע מאָל אויסגע־שפּיגן, צוריק פאַריסן דעם קאָפּ צום שטערן און ברייט צעעפנט די אויגן.

נאָר ער האָט שוין איצט דעם שטערן נישט געזען. דאָס שטערן־ליכט האָט זיך אַפילו געשפּיגלט אין זיינע אויגן־אַפּלען. נאָר געזען האָט דער אַלטער, דאָס נמאסע פּנים פון זיין זון: דער, וועגן וועלכן מענטשן האָבן געזאָגט, אַז „אים האָט זיך געלוינט אַמעריקע". און געוועזן איז ער אַ פּשוטער קוענטעניק, אַ סוחרל, וועמען די שכנים האָבן פיינט געהאַט. ער האָט זיי אָבער געקענט גוט חנפענען, און גערעדט האָט ער צו זיינע קונים מיט אַזאַ שטיל און זיס קול. שטענדיק איז ער געשטאַנען פאַר זיינע קונים מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ; זיינע ליפּן זיינען שטענדיק געווען אַזוי משונהדיק פאַרשוואַרצט, אייביק ציטערנדיקע, אָט אַזוי ווי זיי וואָלטן צו יעדער רגע גרייט געווען קנעכטיש צו קושן — קושן די הענט, אַפילו די פיס...

ער, דער אַלטער אברהם, איז אַ סך מאָל מיטגעפאָרן מיט זיין זון,

איינמאָנען געלט בא די קונים. ער איז ספּעציעל מיטגעפאָרן, אָפּצוהיטן דעם טילוּוער און דאָס פערד. ער האָט געזען ווי אַזוי זיין זון האָט גע־האַנדלט מיט די קונים; ווי אַזוי ער האָט צו זיי געשמייכלט און גע־חנפעט. ער, אברהם, האָט אין זיך נעשמייכלט: „ווי גליקלעך בין איך, וואָס איך האָב שוין אָפּגעלעבט באַלד זיבעציק יאָר און איך האָב אף אַזאַ מיאוסן אופן, מיין ברויט אַזוי נישט פאַרדינט... איידער אף אַזאַ אופן פאַרדינען אַ שטיקל ברויט, איז שוין בעסער צוואַנציק מאָל אין טאָג שטאַרבן פאַר הונגער, נאָר אַזאַ ברויט נישט עסן... יאָ, פּגרן פאַר הונגער, און אַזוי נישט לעבן!!!"

אַזוי האָט ער דעמאָלט געטראַכט, נאָר ער האָט פאַר זיין זון נישט אויסדערציילט זיינע מחשבות. ער האָט נאָר בלויז באַדויערט וואָס ער האָט באַדאַרפט זיין בא זיין זון אין שטוב, אַז ער זאָל אים אויסהאַלטן אין די אַלטע יאָרן. דער געוויש פון זיין פריערדיק לעבן האָט נאָך געזשומעט אין זיינע אויערן. באַנאַכט האָט ער געחלומט ווי ער אַקערט זיין פעלד. ווען ער איז געווען וואַך, האָט ער מיט צאַרטער ליבע און טיפער בענק־שאַפט געגלעט זיינע פאַרבליבענע מאָזאָליעס אף די הענט. ער האָט זיי געגלעט ווי זיי וואָלטן געוועזן לעבעדיקע באַשעפענישן; און ער וואָלט זיך געפילט באמת אומגליקלעך, ווען זיי וואָלטן איינגעגאַנגען, אָדער ווען זיי וואָלטן פאַרשוואונדן פון זיינע דלאָניעס.

נאָר די מאָזאָליעס זיינען נישט איינגעגאַנגען. זיי זיינען פאַרבליבן ווי עדות, אַז אַמאָל איז ער געווען אַ אידישער קאָלאָניסט אין אַרגענ־טינע־לאַנד; ער האָט ליב געהאַט זיין שטיקל ערד און איבער דרייסיק יאָר האָט ער אף דעם געאַרבעט. ער איז געווען דער ערשטער פון צענדלי־קער פאַרשוואונדענע דורות, וואָס האָבן געהאַט די זכיה צו עסן דאָס שטיקל ברויט וואָס ער האָט אליין פאַרזייט. ער האָט געהאַט דאָס גרויסע גליק זיך צוצוטוליען צו אַ שטיקל יונג־אַלטע ערד, וואָס האָט אף אים געוואַרט טויזנטער יאָרן, אַז ער זאָל קומען, אויסרייסן די ווילדע גראָזן און דערנער, אויסהאַקן און אַרויסרייסן בוימער מיט די וואָרצלען, אוים־ברענען די ווילדע גראָזן און פאַרזייען פאַר זיך ברויט — פאַרזייען פאַר זיך אַ ניי לעבן — אַ לעבן פאַר אַלע זיינע אבות, צענדליקער דורות זיידעס און עלטער זיידעס, וואָס האָבן נישט געהאַט די זכיה צו פאַרזייען פאַר זיך דאָס ברויט וואָס זיי האָבן אויפגעגעסן...

און אַט דאָס נייע לעבן איז פאַרוועלקט געוואָרן פאַר דער צייט. די קאָלאָניע האָט אָנגעהויבן גוססן. די רייכערע קאָלאָניסטן האָבן געוואָלט מאַכן די זין פאַר דאָקטוירים. די זין פון די אָרעמע קאָלאָניסטן זיינען געוואָרן קרעמער. זיין זון איז געווען פון די, וואָס האָבן די שפּראָצונגען פון דעם נייעם לעבן צעטראָטן מיט די פיס. ער איז אַנטלאָפן אין שטאָט ווערן אַ קרעמער. ער, דער אַלטער אברהם, איז געבליבן אַליין. צען לאַנגע יאָר האָט ער נאָך אַליין געאַרבעט. דערנאָך זיינען אָנגעקומען טרוקענע יאָרן. ס'זיינען אָנגעפלוינן היישעריקן, און נאָך דעם היישעריק זיינען אָנגעקומען „די יורשים פון באַראָן הירש“... זיי האָבן אים אַראָפּגע־טריבן פונעם שטיקל ערד, פון דער ערד — וואָס צענדליקער יאָרן האָט ער באַפּייכט מיט זיין שוויים.

און אַט, צום סוף האָט ער געמוזט אָנקומען צו זיין זון. געדאַרפט באַ אים זיין ערגער ווי אַ דינסט; באַדינען דער שנור, צוהעלפן וואַשן די פּאָלן, אַרויסטראָגן דאָס מיסט און אויסבעטן אַלע טאָג באַם זון עט־לעכע סענט אַף אַ פּעקל פּאַפּיראָסן, אַ פּאָר סענט אַף אַרומשערן זיך. די ערשטע צייטן האָט ער אים נאָך געגעבן די פּאָר סענט. ער האָט זיך געוואָרפן ווי אין אַ קדחת, פלעגט רויט ווערן, בייז מורמלען אונטער דער נאָז. נאָר אַט אין אַ שיינעם טאָג האָט ער זיך אַף אים צעבייזערט, אים געזאָגט אַז „ער מעג דאַנקען גאָט וואָס ער האַלט אים אויס מיט עסן, טרינקען און אַ דאַך איבערן קאָפּ. אים געבן געלט אַף צו פאַרברענען איז ער נישט מחויב“... און אַט האָט ער אויסגעהאַלטן דריי טעג וואָס ער האָט נישט גערויכערט. ער האָט געמיינט אַז אפשר וועט ער זיך אָפּ־געוואוינען פון רויכערן, נאָר אומזיסט, די דריי טעג האָבן פאַר אים אויסגעזען ווי דריי שרעקלעכע יאָרן. און אַט איז אים איינגעפאַלן אַ גע־דאַנק: די וועלט איז גרויס און אומעטום וועט ער נאָך קענען געפינען אַ שטיקל ברויט און אַ פּעקל ביליקע פּאַפּיראָסן. ער האָט נאָך גענוג כוח צו אַרבעטן. באַ זיין זון איז הויז איז ער אויך נישט געזעסן מיט פאַר־לייגטע הענט...

דער אַלטער האָט זיך אָפּגעשטעלט. עפּעס איז אים געוואָרן קאַלט און ער האָט זיך אומגעקוקט אַף צוריק. באַם האָריזאָנט האָט שוין גע־גרויט אַף טאָג, די שוואַרצע וואָלקנס האָבן זיך צעהעלט מיטן מאַטן ליכט, און זיך געיאָגט פאָרויס פאַר אים, לענגאויס דעם ברייטן פוסטן וועג.

א קיל ווינטל האט אנגעהויבן בלאזן, זיך געדרייט איבערן פוסטן וועג, זאמד־רעדלעך האבן זיך מיטגעדרייט און אוועקגעיאגט איבער די נאקעטע הארבסטיקע פעלדער, באם רעכטן זייט פון וועג האבן אויפגעגעלט פארטריקנטע גראזן, דערנער און ווילדע פלאנצן; אייזערנע באן־שינעס האבן אויפגעלויכטן מיט זילבערדיקן גלאנץ, זיך מיטגעצויגן מיטן וועג.

דער ווינט האט אנגעהויבן בלאזן וואס אמאל שטארקער און ווילדער, זיך אנגעשפארט אף דער פלייצע פונעם אלטן און אים געשטופט פארויס, געטריבן אים ער זאל שפרייזן שנעלער, געוואלט פון אים אראפרייסן דעם זאק וואס ער האט געטראגן אף דער פלייצע, געוואלט אים אויסטאן דאס היטל פון קאפ און נישט געקענט. איז דער ווינט געווארן וואס אמאל בייזער און ווילדער, אנגעהויבן רוישן ווי א צעשטורעמטער ים; פאר כעס אויסגעריסן בינטלעך פארוועלקטע גראזן וואס איז געוואקסן צווישן די אייזנבאן־שינעס, פארטראגן זיי אינמיטן וועג און אנגעהויבן שיטן מיט שטויב אין דער הויך צו די וואלקנס. געוואלט פארשיטן דאס ליכט פונעם נייעם טאג, וואס האט זיך צעהעלט אינעם געוויטער.

דער אלטער האט זיך אפגעשטעלט. ער האט אראפגעלאזט דעם זאק אף דער ערד און האט זיך אוועקגעזעצט אפן זאק, ווי דאס וואלט געוועזן א שטיין. עס האט אים פארפעלט לופט און ער האט זיך צעהוסט. א בייסיקער שטויב האט אים פארלייגט די נאזלעכער, זיך אים אנגעזאמלט אין מויל, פארשאטן די אויגן און ס'האט זיך אים אויסגעוויזן, אז ער וועט באלד אף אייביק פארשיט און באגראבן ווערן אונטערן שטויב. ער האט וואס אמאל טיפער אראפגעלאזן דעם קאפ צו דער ערד. ער האט זיך איינגעקארטשעט, אנגעשפארט די ברוסט בא די קניען — האט ער מיט איין האנט זיך פארשטעלט דאס פנים און די אנדערע האנט האט ער געהאלטן אנגעשפארט אף דער ערד און ער האט אויסגעזען ווי א יונגער אינגל מיט א פאר אלטע, ערדיק־אויסגעהארעוועטע הענט, וואס האט זיך אוועקגעזעצט אינמיטן וועג און שפילט זיך מיט דער ערד.

דער ווינט האט נאך אלץ געווילדעוועט. איבער די פעלדער האבן זיך געשפרייט צעכוואליעוועטע שטויב־וואלקנס, זיך באהאפטן מיט די וואלקנס פון הימל און באלד זיך צוריק אראפגעלאזן אף דער ערד. א מינוט איז דער וועג געווארן ריין און ציכטיק. דער ווינט האט ערגעצוואו פארקערט דעם שטויב, אויפגעדעקט די רעדער־שפורן פון אלע וועגענער

וואָס זיינען אמאָל אדורכגעפאָרן איבערן וועג, און באַלד אַלץ צוריק פאַרשאָטן.

און דער אַלטער איז נאָך אַלץ געזעסן אפן זאַק. ער האָט עפּעס אָנגעהויבן טראַכטן וועגן ווינט און וועגן זאַמד וואָס האָט זיך אַף אים געשאָטן; עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דער ווינט איז דאָס שלעכטס וואָס אַטעמט ארויס פון די מענטשן. יאָגט זיך דאָס שלעכטס ארום איבער אַלע וועגן און שטעגן און ווייסט נישט וואו זיך אהינצוטאָן.

ער האָט וואָס אמאָל אַנגעבויגן טיפער דעם קאָפּ צו דער ערד, עס איז אים באַפאַלן אַ מידע שלעפעריקייט און ער האָט איינגעדרימלט. ער האָט זיך צוביסלעך אראָפּגעגליטשט פונעם זאַק און האָט זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג, אין דער לענג פון וועג. ער איז אַזוי אָפּגעשלאָפן עטלעכע שעה. דער שטורם האָט זיך איינגעשטילט. דער הימל האָט זיך אויסגעלייטערט און די זון האָט אויפגעשיינט מיט אַ גליענדיקער היץ. דער אַלטער האָט זיך אויפגעכאַפּט, אַזאַ צעפּאַרעטער און פאַרשוויצטער, פון דער אַנגעגליטער ערד אַף וועלכער ער איז געלעגן. ער איז געבליבן זיצן אַזאַ פאַרשלאָפענער און עפּעס אַנגעשטרענגט געקוקט אַף דער ערד, ער האָט נישט געקאָנט אוועקרייסן דעם בליק פון אַ ריזיקער שורה מיט שוואַרצע, גרויסע מערעשקעס, וואָס האָבן זיך געצויגן איבערן וועג. אַלע האָבן זיי געשלעפּט פּיצעלעך פאַרטריקנט גראָז און שטרויעלעך, וואָס זיי האָבן געשלעפּט צו זייערע מוראשניקעס. זיי זיינען געקראָכן שנעל איינס אונטערן אַנדערן; זיי האָבן זיך געאיילט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט עמיצער זאָל זיי נישט אָניאָגן. אַ צווייטע שורה מיט מערעשקעס זיינען צוריקגעקומען ליידיקע, מיט שוין אויסגעלאָדענע משאות. דער אַלטער האָט מיטן בליק נישט געקענט דערכאַפּן, וואו עס פאַרענדיקט זיך די שורה און וואו זי הויבט זיך אָן. ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אין זיין זון, וועלכער ווייסט שוין מסתמא, אַז ער איז פון אים אוועק. באַ אים וועט היינט זיין אַ פריילעכער טאָג; ענדלעך איז ער פּטור געוואָרן פונעם אַלטן שטינקער. יאָ, זיי, די מערעשקעס, איז גוט! זיי ארבעטן כמעט ווי מענטשן און דאָך דאַרף קיינער פון זיי נישט אָנקומען צום אַנדערן; אַ טאַטע דאַרף נישט אָנקומען צו אַ זון, אַ מאַמע דאַרף נישט אָנקומען צו איר טאָכטער. יעדע פון זיי איז אַזוי קליין, און זייער וועלט איז אַזוי ריזיק גרויס — ריזיק גרויס!..

דער אַלטער האָט זיך אויפגעשטעלט. ער האָט גענומען דעם זאַק און ער האָט זיך ווידער געלאָזט גיין. ער האָט געכאַפּט אַ קוק צום הימל און האָט באַרעכנט אַז עס דאַרף שוין באַלד זיין האַלבער טאָג. עס האָט אים עפּעס אָנגעהויבן צו טריקענען אין האַלדז. ער האָט אָנגעהויבן מאַכן שנעלערע טריט. ער האָט געקוקט פאַר זיך מיט אומרואיקייט. אַ פּחדנות־דיקער געדאַנק האָט אים אָנגעהויבן צו פּייניקן; ווער ווייסט, אפשר דאַרף געדויערן לאַנג ביז ער וועט דערגרייכן צו אַ מענטשלעכן ישוב .. אפשר וועט ער גאָר באַדאַרפן אָפּגיין עטלעכע טעג ביז ער וועט געפינען אַ ברונעם, אַף צו קענען זיך אָנטרינקען מיט אַביסל וואַסער?... שיין וועט דאָס זיין, אַז ער וועט דאָס אויסגיין אַף דעם פּוסטן וועג פאַר דורשט!..

און ער איז געלאָפן וואָס אַמאָל גיכער און אָנטקעגן אים איז אַנט־קעגנגעלאָפן דער וועג, אַזאַ אומענדלעכער און פּוסטער. די שטויביקע ערד איז געווען פאַרטריקנט און צעפּלאַצט פון היץ, אַט ווי עס וואָלטן שוין דורכגעגאַנגען לאַנגע צייטן און אפילו יאָרן, ווי אַף דער ערד וואָלט קיין איין רעגנטראָפּן נישט געפאַלן. ערטערווייז האָבן זיך אָנגעזען אַף דער ערד איינגעשניטענע שפּורן פוןברייטע רעדער, וואָס זיינען אַמאָל, אפשר אַמאָל מיט יאָרן צוריק, דורכגעפאָרן דעם שליאַך. אומעטום וואו דאָס אויג גרייכט איז טרוקן און פּוסט. דער הימל איז אויסגעלייטערט און ריין. אפילו אין הונדערט יאָר אַרום וועט זיך אָט דער הימל נישט פאַרוואָלקענען. אַך, ווער ווייסט וויפל מענטשן זיינען שוין געשטאָרבן אַף די וועגן, פון דורשט...

דער אַלטער האָט דערפילט ווי די כוחות גייען אים אויס. צייט ער לעבט איז ער נאָך נישט געווען אַזוי דורשטיק ווי איצט; צייט ער לעבט איז ער נאָך נישט געווען אַזוי מיד ווי איצט; ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

לאַנג איז דער אַלטער געשטאַנען אינמיטן וועג. ער האָט געקוקט פון אַלע זייטן און זיך נישט גערירט פון אָרט. פון אונטער זיינע פיס האָט זיך אָנגעהויבן אויסציען זיין שאָטן אין דער קרום פון וועג. אַף דער ערד האָבן נאָך אַלץ געווימלט מחנות מערעשקעס, גענישטערט צווישן שטויב, געווען אומעטום פול; זיי האָבן ווי באַשמעקט יעדעם שטויבעלע, אריינ־געקראָכן אין יעדן צעשפּאַלטן שטיקל ערד און צוריק ארויסגעקראָכן. זיי האָבן זיך דערנענטערט צום שטיקל שוואַרצן שאָטן, וואָס איז געפאַלן פונעם אַלטנס געביין, נאָר זיי זיינען אפּן שאָטן נישט ארויפגעקראָכן. די

מערעשקעס האָבן זיך געשראָקן פארן שאָטן, ווי זיי וואָלטן געוואוסט, אז נאָנט פונעם שאָטן שטייט א זאַך וואָס קען זיי צעטרעטן, זיי האָבן דאָס פאַרשאָטנטע שטיקל ערד אויסגעמיטן.

פון ווייט האָט זיך דערטראָגן א צעצויגן הייזעריק רעוונדיק קול. דער אַלטער האָט זיך א צאַפּל געטאָן. ער האָט באַלד דערקענט, אז נישט ווייט פון אים רעוועט א דורשטיקער אָקס. ער האָט דערזען ווי צוריק הינטער אים, דאָרט וואו דער הימל באַרירט זיך כמעט מיט דער ערד, שטייט ווי פארגליווערט א קליינער נאָר הויכער וואָגן מיט אָקסן געשפּאַנט. ער האָט פונווייטן איבערגעציילט זעקס אָקסן, געשפּאַנט צו דריי און צוויי רייען. זיי האָבן אויסגעזען פונווייטן קליין, ווי קליינע שפּעלעך מיט גרויסע הערנער. ער האָט באַלד באַרעכנט, אז עס דאַרף נאָך דויערן לאַנג ביז זיי וועלן צו אים אָנקומען. ער האָט זיך שוין צוריק אוועקגעזעצט אַפן זאַק אין דער זייט פון וועג. עס איז פון אים פארשוואונדן דער פּחד וואָס האָט זיך אין אים דערוועקט. וואָס אמאָל האָט זיך דאָס אָקסישע רעווען אויסגעצויגן דייטלעכער און לענגער. דער וואָגן האָט אָנגעהויבן צו ווערן וואָס אמאָל גרעסער, זיך געשאָקלט און אויסגעבויגן זיך אַף די זייטן. אַפן וואָגן איז קיינער נישט געזעסן און ס׳האָט אויסגעזען, ווי די אָקסן האָבן זיך אוועקגעלאָזן אליין איבער דער וועלט. דער אַלטער האָט זיך געוואונדערט. ער האָט צונויפגעלייגט די הענט ווי א דעכל איבער די אויגן און האָט באַלד באמערקט דעם אנטרייבער זיצן אַפן ריזיק לאַנגן דישל, מיט א לאַנגן פאַר־שטעקן אין האַנט. אביסל שפּעטער האָט זיך שוין דערהערט זיין קול, וואָס האָט אדורכגעיאָגט איבער די אָקסישע הערנער, געטריבן זיי און זיך צעשפּרייט איבער די פעלדער:

— „טאַראָס, טאַראָס, וואמאָס!.. ע, טאַראָס!”

פונדערווייטנס האָט זיך שוין דערהערט דאָס סקריפּען פונעם הויכן וואָגן מיט די צוויי ריזיק הויכע רעדער. די אָקסן, מיט גרויע פעלן און מיט שווארצע פלעקן אַף די קעפּ, האָבן זיך געשפּילט מיט געבויגענע קעפּ צו דער ערד. עס האָט אויסגעוויזן, אז די שווערקייט פונעם וואָגן, איז זיי נישט אזוי שווער ווי די שווערקייט פון די אייגענע הערנער. דער מיטלסטער אָקס פון דער ערשטער ריי, האָט שוידערלעך געוועט. אַף אים איז געלעגן דער שפּיץ פונעם דישל, און דער אָקס האָט געהאלטן דעם קאָפּ צום טיפסטן אָנגעבויגן צו דער ערד. פון אונטער די אָקסישע

פיס האָט זיך געהויבן א געל־זאַמדיקער שטויב־וואָלקן, און עס האָט ניט געדויערט לאַנג, ווי דער אַלטער, וואָס איז געזעסן בא דער זייט פון וועג, איז פאַרדעקט געוואָרן פונעם שטויב. ער האָט זיך געגעבן א שטעל אויף, זיך אויסגעווישט די אויגן, געקוקט מיט געבעט צום אָנטרייבער, וואָס האָט צו אים אראָפּגעקוקט פונעם וואָגן, פאַרחידושט.

— גוט אָוונט, מענטש... — האָט דער פונעם וואָגן אראָפּגעשריגן מיט א זינגנדיק קול.

— גוט אָוונט, פּאַטראָן... — האָט דער אַלטער איינגעבויגן דעם קאָפּ.

די אָקסן זיינען שטיין געבליבן. דער אָנטרייבער האָט אראָפּגעשטעקט צום אַלטן א ברוינע האַנט. דער אַלטער האָט זיך נישט דרייסט ווי פאַר־שעמט, דערנענטערט צום וואָגן, אָנגעכאַפּט די האַנט מיט זיינע הענט און מיט יעדע יעדע הענט זיי שטום געדריקט מיט אַזוי פיל שטומער פרייד, אַט ווי עמיצער געפינט אַן אוצר. ער האָט שוין געוואָלט צוריק אָפּלאָזן די האַנט, נאָר די האַנט פונעם וואָגן־אָנטרייבער, האָט אָבער נישט ארויס־געלאָזט זיין האַנט. יענער האָט זי מיט כוח א צי געטאָן צו זיך און גע־זאָגט:

— קריך ארויף אָפן וואָגן, מענטש... טו מיר דעם כבוד... — ער האָט דעם אַלטן א צי־געטאָן צו זיך און א ווייַלע שפּעטער איז ער שוין געזעסן אין וואָגן.

באַלד האָט דער אָנטרייבער זיך צוריק אויסגעדרייט צו זיינע אָקסן. ער האָט זיי געשטורקעט מיטן לאַנגן שטעקן אין די הינטנס: באַם עק פונעם שטעקן האָט געשטעקט א שאַרפער אייזערנער טשוואָק; מיטן שפּיץ פון טשוואָק האָט ער געשטאָכן פון צייט צו צייט אין די אָקסישע פעלן בא די עקן; די אָקסן האָבן זיך ווידעראַמאָל אָנגעהויבן צו שלעפּן און דער אַלטער האָט געקוקט אָפן אָנטרייבערס פּלייצע מיט דאַנקבאַרע בליקן, ער האָט אים עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר יענער האָט נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. האָט ער זיך ארומגעקוקט איבער די וועלדער, און עס האָט אים געוואונדערט, וואָס זיצנדיק אָפן וואָגן, אביסל העכער איבער דער ערד, האָט זיך די גאַנצע געגנט געענדערט: די וועלט איז גאָרנישט אַזוי פּוסט, ווי ער האָט געמיינט; פון אַלע זייטן באַם האָריזאָנט האָבן זיך געזען שטיבער; רויזיקע הויכע וואַסער־פּלומפּן האָבן זיך איינגעשטאָכן אין הימל;

געדרייט א ווײלע מיט די בלעכענע רעדער־פליגל, זיך אפּגערוט, אויסגע־דרייט זיך אנטקעגן ווינט און זיך ווייטער אַנגעהויבן דרייען.

מיטאַמאָל האָט דער אַנטרייבער אויסגעדרייט דעם קאָפּ. זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט די בליקן. דער אַלטער האָט זיך צערעדט:

— איך האָב געגלויבט, אַז עס זיינען שוין נישט פאַראַן קיין גוטע מענטשן אויף דער וועלט... און אָט האָב איך באַגעגנט אַ גוטן מענטש. אַ דאַנק דיר, מענטש!...

דער אַנטרייבער האָט זיך אַרויפגערוקט פונעם דישל אויפן וואָגן, זיך אוועקגעזעצט לעבן אַלטן, האָט ער צוריק געענטפערט:

— איך בין נישט דער איינציקער מענטש וואָס פאָרט איבער דער ערד; איך בין נישט אַזאַ גוטער... נאָר קיינמאָל האָב איך נישט איבער־געלאָזט אַ מענטשן אינמיטן וועג... איך האָב נאָך אַזוי נישט געטאָן!

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט אָנגעשטאָכן אַן אָקס מיט רוגזה אין הינטן אַריין, דערנאָך האָט ער אַ פּאַטש געטאָן מיטן שטעקן אין דער לופט און האָט אָנגעהויבן אויסצופרעגן דעם אַלטן, פאַרוואָס ער שלעפּט זיך עפּעס אַליין איבערן וועג; פונוואַנען קומט ער און וואוהין גייט ער? ער האָט אים אויך דערציילט, אַז שוין מער ווי אַ שעה ווי ער האָט אים געזען פונדערווייטנס; ער האָט אים שוין געוואָלט וואָס גיכער אָניאָגן, נאָר די אָקסן זיינען אָקסן... מען מעג זיי דערשטעכן ביז טויט, שנעלער וועלן זיי נישט גיין.

דער אַלטער האָט אים געקוקט גלייך אין מויל אַריין. ער האָט פאַר זיך געזען אַ מענטש וואָס איז אפשר אַזוי אַלט ווי ער, און דאָך זעט ער אויס מיט דרייסיק יאָר אינגער פאַר אים. נעבן אים איז געזעסן אַן אמתער גאַוטש, אַ פאַרברוינטער פערד־צוימער, מיט נעגערשע ליפּן און עפּעס שאַרף איינגעבויגענע אַדלער־נאָז; שיר נישט אַ אידישע נאָז. זיין שוואַרצער הוט איז אים געזעסן טיף איבער די אויגן און זיינע לענדן זיינען געווען איינגעשנורעוועט אין אַ ברייטן, לעדערנעם פּאַס, וואָס איז געווען באַנייט מיט אַ סך זילבערנע מטבעות; זיין האַלדז איז אין דער גרויסער היץ געווען פאַרבונדן מיט אַ שוואַרץ זיידענעם טוך, און זיינע פיס זיינען געווען באַשיכט מיט אַ פּאָר לייוונטענע, ברוינע לאַטשן, אַן זאָקן. נאָר בײַ דער זייט פון זיין גאַרטל האָט אַרויסגעשטעקט אַ שוואַרץ הענטל פון אַ מעסער, וואָס דער שפּיץ האָט געשטעקט אין ברייטע, כמעט קאָזאַקישע הויזן.

דער אַנטרייבער האָט זיך נאָך נענטער צוגערוקט צום אַלטן, אים אַ לייבטן שטויס געטאָן מיט עלנבויגן און געפרעגט:

— האָסט אפשר אביסל טאַבאַק?

— ניין, — האָט דער אַלטער צענומען די הענט, ווי איינער וואָס איז זיך גרייט צו לאָזן באַזוכן — איך האָב שוין דריי טעג נישט גע־רויכערט...

דער גאַוטש האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן, אָט ווי מען דער־ווייסט זיך עפּעס אַ שרעקלעכע זאַך:

— ס'איז אמת?

דער אַלטער האָט געוואָלט ענטפערן, נאָר ער האָט בלויז געקאָנט אַ שאָקל טאָן מיטן קאָפּ. און אַזוי ווי ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַזוי האָבן זיך פון זיינע אויגן אַרויסגעשאָקלט צוויי גרויסע טרערן. די טרערן זיינען הענגען געבליבן אויף די וויעס, געוואָלט אַראָפּרינען, נאָר דער אַלטער האָט זיי באַצייטנס צעווישט מיט זיינע פינגער. ער האָט באַלד מיט דיזעלבע נאַסע פינגער, אַ ווייז געטאָן אויף צוריק, דאָרט וואו עס האָט זיך געפונען די שטאָט. ער האָט אַרויסגעשטאַמלט מיט אַ גע־בראָכן קול:

— דאָרט וואוינט מיין זון, אַ רייכער מענטש... ער זאָגט אַז מ'האָט נישט קיין געלט, דאַרף מען נישט רויכערן...

דער גאַוטש האָט זיך אומגעקוקט אויף צוריק. ער האָט פאַרביסן די ליפּן און זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט בייזקייט און רציחה; ער האָט אַ טאַפּ געטאָן דאָס הענטל פונעם מעסער און אַריינגעשריגן דעם אַלטן אין פנים אַריין:

— אַזאַ הונט צעטרייבערט מען! איך וואָלט דאָס געטאָן! יאָ, מענטש!

דער אַלטער האָט זיך נאָך אַלץ געווישט מיט איין האַנט די אויגן און מיט אַ פינגער פון דער צווייטער האַנט האָט ער געוויזן צום הימל:

— ניין...

דער אַלטער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן דעם פינגער צום הימל. דער גאַוטש האָט אויך געקוקט צום הימל, געקוקט אַפן פינגער, געטראַכט אַ ווײַלע און דערנאָך האָט ער זיך אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ האַנט אין דער ברוסט אַריין:

— איך, יאָ!

זיי האָבן שוין ביידע געשוויגן. דער אַלטער האָט געטראַכט אין זיך: „א גאוטש בלייבט א גאוטש"... דער גאוטש האָט געטראַכט אין זיך: „דער אַלטער איז אַן אויסלענדער. זיי פאַרגיסן ניט קיין בלוט... זיי האָבן נימט קיין בלוט אין די אָדערן... זיי נעמען ניט קיין נקמה, שוואַכע מענטשן זיינען זיי... זיי קענען ניט פאַרטיידיקן זייער כבוד, פוטשאַ"...

דער וועג האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוקרימען, זיך אָפּגעטיילט פון די אייזנבאַן־שינעס. זיך דורכגעצויגן דורך א יונג פאַרפלאַנצט וועלדל. גאָר וויט, באַם האָריזאָנט, האָט זיך געזען א פירקאַנטיק שטיקל פלאַץ אַרומגעמויערט מיט א נידעריקן שטייניקן פּאַרקן. פון הינטערן פּאַרקן האָבן אַרויסגעשטאַרצט אייזערנע צלמים. דאָס איז געווען א בית עלמין אינמיטן פעלד. ניט וויט, פון דער צווייטער זייט, האָט זיך געשפּרייט דאָס שטעטעלע.

דער אַלטער האָט געפרעגט:

— פּאַטראָן, דאָס איז דיין שטעטל?

— יאָ, האָט דער גאוטש זיך פּלוצלינג אויפגעשטעלט.

דער אַלטער האָט געמיינט, אַז דאָס אויפשטעלן זיך באַדייט, אַז ער מעג שוין אַראָפּקריכן פונעם וואָגן, האָט ער זיך אויך אויפגעשטעלט. דער גאוטש האָט אים אָבער דערלאַנגט דעם פּאָר־שטעקן אין דער האַנט און געזאָגט שוין מיט א שמייכלדיק פּנים און מיט א זינגענדיק קול:

— טו מיר די טובה, פאָר וויטער... איך וועל מיר דערווייל אויסליידיקן די געדערים...

ער האָט ניט געוואַרט אויף קיין ענטפער און איז פּלוצלינג אַראָפּגעשפּרונגען פונעם וואָגן. ער האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד באַ דער זייט אַפן וועג. די אָקסן האָבן זיך ווייטער געשלעפּט. זיי האָבן עפּעס אויפגעהויבן העכער די קעפּ. זיי האָבן דערפילט פון וויטן זייער שוין נאָענטע היים און האָבן זיך אַלע מיטאַמאָל צערעוועט.

דער אַלטער האָט באַקומען רחמנות אויף די אויסגעדאַרטע אָקסן. ערשט איצט האָט ער זיך צו זיי מער צוגעקוקט. מען האָט ממש געקענט איבערציילן זייערע זשעבערעס. זיי זיינען געגאַנגען אין שפּאַן ווי באַשעפענישן וואָס פאַרשטייען, אַז פאָרן גיין אין שפּאַן באַקומען זיי דאָס ביסל עסן, זיינען צופרידן מיט זייער אַרבעט, און דאָך וואָלטן זיי וועלן, אַז דער וואָגן, די משא וואָס זיי שלעפּן, זאָל זיין וואָס גרינגער און די וועגן זאָלן זיין וואָס קירצער...

אזוי האָבן מסתמא די אָקסן געטראַכט. דער אַלטער האָט דערזען ווי דער גאַוטש לויפט אַף צוריק, דערנענטערט זיך צום וואָגן. ער איז פלינק אַרויפגעשפּרונגען, זיך צוריק אַוועקגעזעצט נעבן אַלטן, צו אים פּלוצלונג אַזאַ גנבישן וואונק געטאָן מיט אַן אויג און גלעטנדיק זיך דעם בויך, האָט ער געזאָגט:

— זיי ניט טרויעריק, מענטש, איצט האָב איך שוין אַזאַ ליידיקן מאָגן ווי דו... שפּעטער אַביסל וועלן מיר עפּעס עסן. דו פּאָרסט מיט אַ מענטשן, וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט געהונגערט: מעגסט מיר גלויבן, וועסט זען, פריינט!...

— איך גלויב דיר...

— און דו וועסט עסן מיט מיר...

— איך דאַנק דיר, פּאַטראָן!..

— מיר זאָלסטו ווייניקער דאַנקען. איך האָב ליב אַ מענטש, ווייל איך בין אויך אַ מענטש.

דער אַלטער האָט שוין גאָרנישט געענטפערט. ער האָט זיך ערשט איצט אָנגעהויבן צו וואונדערן אַף דער גוטסקייט פון דאָזיקן מענטשן. עס האָט אים אויך געחידושט, וואָס ער האָט געפונען גענוג ווערטער זיך אויסצוטענהן אַף אַ פרעמדן לשון. ער אַליין האָט שטענדיק געגלויבט אַז ער קען קוים ריידן, ווייל זיין זון האָט אים אַ סך מאָל געזאָגט, אַז ער זאָל מיט קיינעם ניט ריידן קיין שפּאַניש, ווייל עס איז אים אַ חרפּה צו הערן ווי אַזוי ער רעדט... איצט שמועסט ער זיך אויס מיט אַן אמתן גאַוטש, אַן אמתער אַרגענטינער פון דור דורות און זיי פאַרשטייען זיך אַזוי גוט. אַ שאָד וואָס עס איז ניט פאַראַן ווער פון זיינע באַקאַנטע, וואָס זאָל דאָס צוזען און הערן. יאָ, ער וועט שוין אַף די וועגן ניט פאַרלוירן גיין!..

דעם אַלטנס געדאַנקען זיינען פאַרטויבט געוואָרן פון אַ הינטיש בילעריי, פון ערגעץ איז אָנגעלאָפן אַ שוואַרצער הונט, וואָס איז געשפּרונגען אַרום די אָקסן מיט אויסגעשטשירעטע ציין פאַר רציחה, געוואָלט איינבייסן זיך אין די אָקסישע פיס. די אָקסן זיינען אַביסל רירעוודיקער געוואָרן, אָנגעהויבן שנעלער צו שפּאַנען. דער וואָגן האָט זיך אָנגעהויבן צו שאָקלען ווי אַ שיפל אַף אַ צעשטורעמטן ים; דער גאַוטש איז געוואָרן אויפגעלעבט. ער האָט אָנגעהויבן רייצן דעם הונט מיטן לאַנגן שטעקן. אים

געוואַלט אַריינשטעכן דעם שאַרפן שפּיץ אין פּיסק אַריין. נאָר דער הונט האָט אים פלינק אויסגעמיטן, זיך אַ שטעל געטאָן אַ ווײַלע אויף די הינ־טערשטע פיס, אַ ברום געטאָן ווי אַ צערייצטער לייב. באַלד האָט ער זיך אויף אַ סעקונדע פאַרהאַלטן, זיך איינגעקורטשעט, ווי ער וואָלט זיך געקליבן אַ שפּרונג טאָן אויפן וואָגן און איז גאָר אַרונטערגעשפּרונגען אונ־טערן וואָגן. מיטגעלאָפן אַ שטיקל וועג און שרעקלעך געהאַווקעט און געברומט. די אָקסן האָבן אָנגעהויבן לויפן, אָנגעמאַכט אַ שרעקלעכן שטויב. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און דער בית־עלמין איז געבליבן הינטערן וואָגן. דער גאַוטש האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ צו דער ערד און געשריגן צום הונט:

— טרייב מיר די אָקסן, פּריינטעלע... טרייב מיר די בהמהלעך... גאָט, וועט דיר באַצאָלן פאַר דער טובה... פּוטשאַ, ביסט אַ טייערער הונט!..

דער הונט וואָס איז געלאָפן אונטערן וואָגן, האָט זיך באַרואיקט פונעם גאַוטשעס פריינטלעך קול. ער איז געבליבן שטיין, נאָכגעקוקט דעם וואָגן און שווער געסאָפּעט מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג. דער גאַוטש האָט נאָך אַלץ געלאַכט, געטשמאָקעט צום הונט, געקנאַקט מיט דער צונג אויפן גומען און צום סוף האָט ער נאָך געפאָכעט צום הונט מיט דער האַנט, אָט ווי ער וואָלט זיך געזעגנט מיט אַ מענטשן; ער האָט צו אים געשריגן:

— אַדיאָס, פּריינטעלע... גאָט זאָל דיר באַצאָלן פאַר דער טובה... אַדיאָ...

דער הונט האָט אים פונווייטן צוריקגעענטפערט מיט אַ בייזן ברום און זיך געלאָזט לויפן דורך די דראָט פאַרצוימונגען צוריק אויף די פעלדער.

נאָר די אָקסן האָבן זיך נאָך אַלץ צעווילדעוועטע געיאָגט און דאָס שטעטעלע איז זיי געלאָפן אַנטקעגן. דורך דער טיר פון אַ ליימענער הייזקע, האָט זיך אַרויסגעשאַרט אַן איינגעבויגענע אַלטיטשקע, פאַר־לייגט די הענט אויף די זייטן און געשריגן מיט אַ געלעכטער צום גאַוטש:

— דאָן פעליפּע, דאָן פעליפּע, גיט אַכטונג אַז דיינע בהמות זאָלן ניט איינוואַלגערן דאָס שטעטל!... זע זיי זאָלן זיך ניט צעברעכן די הערנער... אָרעמע בהמות...

דער גאַוטש האָט צו איר געפאָכעט מיטן שטעקן און צוריקגעשריגן מיט אַ געלעכטער:

— אדיע, אלטע... מיינע אָקסן לויפן ווייל זיי האָבן דיך דערזען... פּוטשא, שוין צייט זאָלסט עס וויסן!... ס'געפעלן דיר מיינע רייד? אָט וועל איך זיך איינהאַלטן אַף אַ ווײַלע, זאָלסט מיר עפּעס ענטפערן. ע?..

די אַלטע איז ניט מבולבל געוואָרן. זי איז צוגעלאָפן צום דראָטענעם פּאַרקנדל, זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ דרענגל און צוריקגעשריגן:

— כ'וואָלט ניט וועלן, אַז די אָקסן זאָלן בלייבן אָן הערנער. זייער באַלעבאָס האָט שוין פון לאַנג ניט אַפילו קיין פּיצעלע פון אַ האָרן... ע, פאַרשטייסט, דאָן פּעליפּע... זאָלן דיר מיינע ווערטער ניט איינריכטן דיין צורה... ע!...

און זי האָט אים אַרויסגעשטעקט די צונג, אַ לאַנגע רויטע צונג.

דער גאַוטש איז געוואָרן בלאַס־גרוי פאַר רציחה. ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג ווי ער וואָלט וועלן אַראָפּשפּרינגען פונעם וואָגן. נאָר באַלד האָט ער גאָר אַרויסגעכאַפּט דאָס מעסער פונעם גאַרטל. ער האָט מיט דעם אַ פּאָכע געטאָן צו דער אַלטער, וועלכע מען האָט שוין פונדערווייטנס קוים אָנגעזען. געשניטן מיט דער שאַרף די לופט, די רויטע שטראַלן פון דער זון, וואָס האָט געניִדערט, ערגעץ ווייט אין מערב זייט, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַף די פעלדער. דער גאַוטש האָט געשטשירעט מיט אַ פול מויל שווארצע, פאַרגעלטע ציינער:

— איך וועל דיר נאָך ווען ס'איז אויסשניידן דיין שמוציקע צונג!.. זאָל איך צעפּלאַצט ווערן, אויב איך וועל דאָס ניט טאָן! וואַרט, וואַרט...

די אָקסן האָבן אין גאַלאָפּ אַליין פּאַרקירעוועט אין דער איינ־ציקער ברייטער גאַס פון שטעטל. דער גאַוטש איז שיר נישט אַראָפּ־געפאַלן פונעם וואָגן. ער האָט מיט ווילדע קולות אָנגעהויבן איינהאַלטן די אָקסן. ער האָט זיי געשאָלטן מיט שרעקלעכע קללות. צוזאַמען מיט די אָקסן האָט ער געשאָלטן אַלע אַלטע מכשפות וואָס געפינען זיך אַף דער וועלט. צום סוף האָט ער געשאָלטן גאָט און אַלע הייליקע. און ווען די אָקסן האָבן אָנגעהויבן גיין לאַנגזאַמער, האָט ער זיך אַביסל באַ־רואיקט, אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום אַלטן, האָט ער געזאָגט אַ פאַר־שוויצטער, שווער אָטעמענדיק:

— אָט ביסטו שוין אין שטעטל, וואו ס'וואוינען בלויז אַלטע מכשפות. געפעלט דיר דאָס שטעטל?

דער אַלטער וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן אָן איינגעקאָרטשע־

טער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי ער וואָלט דאָס געווען דער שולדי־קער, וואָס די אָקסן האָבן זיך צעגאַלאָפּעט. און וואָס די אַלטע האָט באַליידיקט דעם גאוטש — ער האָט זיך געגעבן אַ האַסטיקן שטעל אויף, אָנגעכאַפּט דעם זאַק, האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט צום גאוטש, זיך געוואָלט מיט אים געזעגענען:

— אַ דאַנק דיר, גוטער מענטש... דאָ וועל איך אַראָפּקריכן...

דער גאוטש איז צוריק געוואָרן אַן אָנגעצונדענער.

— ביזט משוגע, אַלטער... דו פאָרסט מיט מיר אין מיין שטוב אַריין... פאַרשטייסט, ע?

דער אַלטער איז עפּעס געוואָרן צעמישט, ווי ער וואָלט ניט גע־הערט, אָדער ניט פאַרשטאַנען, וואָס דער גאוטש רעדט צו אים. ער האָט אים נאָכאַמאָל אויסגעשטרעקט די האַנט און געמורמלט:

— אַדיאָס... אַדיאָס... אַ דאַנק... — און ער האָט געוואָלט אַראָפּ־שפּרינגען אויף דער ערד.

דער גאוטש האָט אים פלינק געגעבן אַ כאַפּ־אַרום מיט ביידע הענט. ביידע האָבן באַקומען דעם אָנבליק פון צוויי שיכורע מענטשן, וואָס האַלטן זיך אומגעלומפּערט אַרומגענומען, ניט צו פאַרלירן דעם באָדן אונטער די פיס. דעם גאוטשס פּנים האָט זיך מאָמענטאַל געענדערט. ער האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר מילד געוואָרענע אויגן און אויף זיינע גראָבע ליפּן, האָט זיך צעשפּילט אַ שמייכל פון אַ מענטשן, וועלכער איז אומשולדיק באַליידיקט געוואָרן. ער האָט אָפּגעלאָזן דעם אַלטן און געזאָגט שוין מיט אַ געענדערט קול:

— איך האָב געוואָלט זאָלסט אָנקוקן מיין שטיבל, זאָלסט אויס־טרינקען מיט מיר אַ מאַטע... איך פאַרבעט דיך צו מיר, ע?

דער אַלטער האָט זיך אָנגעהויבן קראַצן דעם קאָפּ און ער איז גע־וואָרן צעפּלאָמט פון גאוטשס גוטסקייט.

— גאָט... גאָט זאָל דיר... גאָט זאָל דיר גוטס טאָן!..

דער אַלטער האָט זיך צוריק אַראָפּגעזעצט אין וואָגן אַריין. עס האָבן אים אָנגעהויבן אויספּעלן ווערטער. ער האָט געוואָלט זאָגן דעם גאוטש גאָט זאָל אים בענטשן... נאָר דאָס וואָרט „בענטשן" האָט זיך אים ניט געלייגט אויף דער צונג. ער איז געוואָרן בייז אויף זיך אַליין: אַזוי פיל יאָרן אין אַ לאַנד און ווייסט נישט ווי אַזוי אויסצורײדן צו אַ

מענטשן... איז ער אנטשוויגן געוואָרן מיט פייכט געוואָרענע אויגן, אויגן נאָס געוואָרענע פון מענטשלעכער פריינטלעכקייט און גוטסקייט...

עס האָט אָנגעהויבן ווערן נאַכט. אפֿן בלויען הימל האָט נאָך גע־טליעט א רויטלעכער אָפּשיין פון דער זון. עס איז נאָך געווען ליכטיק. פון עטלעכע הייזלעך וואָס זיינען געשטאַנען צעוואָרפן איבער דער גאָס, האָט געוויייעט מיט שטילקייט און איינזאַמקייט. אנטקעגן א הויז איז געשטאַנען א נידעריקער סלופּ און צום סלופּ זיינען געווען אָנגעבונדן עטלעכע אָנגעזאָטלטע פערד. זיי האָבן אויסגעשטעקט די קעפּ צו די אָקסן וואָס האָבן זיך דורכגעשלעפּט. די פערד האָבן זיך צעהירזשעט און זיך ווי געוואָלט אָפּרייסן פון די צוימען. פון דער איינציקער קראָם, א הויז וואָס איז ענלעך געווען צו א פירקאַנטיקן קאַסטן, א געמאַכטער פון קאַרבירטע בלעכן, האָבן זיך געהערט געלעכטערס אויסגעמישט מיט מוזיק. עמיצער האָט דאָרט געשפּילט מיט א שנעלן טעמפּ. עמיצער האָט זיך נאָך שטאַרקער צעלאַכט, דערנאָך איז מיטאַמאָל שטיל גע־וואָרן. פונעם צווייטן עק שטעטל האָט זיך דערטראָגן א נעבעכדיקער מעקען פון עטלעכע ציגן. פון א גרויסן ברונעם, וואָס האָט זיך געפונען הינטער דער קלייט, האָבן געגרילט באַהאַלטענע גרילן, מען האָט גע־קענט מיינען, אז פייגעלעך טרינקען זיך דאָרטן...

עס איז שוין געוואָרן גוט פינצטער. שטערן האָבן זיך צעפינקלט אין הימל. אין די הייזלעך האָבן זיך אָנגעצונדן בראַנדפייערדיקע שיינד־לעך. דער וואָגן האָט זיך פאַרקירעוועט אפֿן אָפענעם פעלד. זיך פאַר־נומען מיט א פאַרקרומטן שטעג. דער גאָוטש האָט א ווייז געטאָן מיטן לאַנגן שטעקן צום פינצטערן פעלד.

— אָט, דאָרט איז מיין נעסט... וואַמאָס, טאַראָס — האָט ער אָנגעהויבן שטעכן די אָקסן.

גאָר ווייט האָט פאַר זיי זיך צעפינקלט א טונקל פייערל. די אָקסן האָבן אָנגעהויבן אַביסל שנעלער צו שלעפּן דעם וואָגן. דאָס פייערל האָט זיך דערנענטערט, אויסגעלאָשן זיך, ווידער אויפגעלויכטן.

דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט.

דער גאָוטש איז אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער ערד. דער אַלטער אברהם איז אַראָפּגעשפּרונגען נאָך אים און האָט זיך אין עמיצן אָנגעשטויסן און אויפגעציטערט. אַרום וואָגן האָט זיך עפּעס געפּלאָנטערט א מאָדנער

פארשוין, וועמענס פנים איז געווען טונקעלער פון דער ארומיקער פינצ־טערניש. אַט האָט ער שוין אָפּגעבונדן די אָקסן, אַט איז ער שוין גע־שטאַנען אַפֿן וואָגן; מיטאַמאָל איז ער עפּעס אינגאַנצן ווי פארשוואונדן געוואָרן און באַלד האָט ער זיך נאָך אַמאָל אַ שוויינגנדיקער אָנגעקלאַפּט אינעם אַלטן אברהם. ער איז עפּעס אומגעלאָפֿן ווי אַ גאָר פלינק באַ־שעפעניש, און אונטער זיינע טריט האָט די ערד געסקריפּעט ווי אַ ריזיקע שלאַנג וואָלט שנעל, גאָר שנעל אויסגעשיפּעט אַ ראָד אַף דער ערד.

דעם אַלטן אברהם איז געוואָרן אומהיימלעך: ער האָט זיך געדרייט נעבן וואָגן ווי אַ בלינד פארלוירן באַשעפעניש. מיטאַמאָל איז נעבן אים אויסגעוואקסן דער גאַוטש. ער האָט אים לייכט אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און געשריגן מיט אַ פריינטלעך קול:

— אַלטיטשקער, קום אַריין אין מיין ראַנטשע. אַט וועל איך דיך באַקענען מיט מיין פריינט, אַ גוטער מענטש, זאָלסט זיך אָבער נישט דערשרעקן פאַר זיין פּנים — ער זעט אויס ווי אַ מערדער...

ער האָט אָנגענומען דעם אַלטן באַם אָרעם. ער האָט מיט אים אַ ווײַלע געשפּרייזט אין דער פינצטערניש. באַלד האָט אויפגעלויכטן צו־ריק דאָס ליכט. אַ נידעריק קליין שטיבעלע, מיט אַ צעעפנטער טיר, האָט געבלייכט אין דער נאַכט. זיי זיינען אַריינגעגאַנגען. דער אַלטער איז געבליבן שטיין אַף דער שוועל.

— גוט אָוונט, — האָט דער אַלטער געזאָגט.

— גוט אָוונט, קומסט אין דיין אייגענער היים אַריין, מענטש! — האָט אים עמיצער מיט ברייטקייט און אויסערגעוויינלעכער גאַסט־פריינטלעכקייט צוריק געענטפערט.

דער אַלטער איז אַריין טיפער אין דער הייזקע. צוויי קאַטרעס זיינען געשטאַנען פאַרבעט מיט ברוינע שעפסענע פעלן. אַף עטלעכע ציגל וואָס זיינען געלעגן אַף דער ערד אין מיטן שטיבל, האָט געטליעט אַ רויט פייער. אַף אַ טישל וואָס איז געשטאַנען צווישן די געלעגערס איז געשטאַנען קאָכעדיק עסן, פאַר דריי מענטשן פאַרגרייט.

— רוט זיך אָפּ — האָט אים דער אומבאַקאַנטער אונטערגעטראָגן די איינציקע שטול וואָס האָט זיך געפונען אין צימער.

דער אַלטער האָט זיך נישט געאיילט אוועקצוזעצן. ביידע האָבן

זיך איינצייטיק אויסגעשטרעקט די הענט. שטאַרק געדריקט אוןביידע האָבן זיך דערשטוינט אָנגעקוקט. דער אַלטער האָט פאַר זיך דערזען אַ מענטש מיט אַ שרעקלעכן שאַנד־שניט אַפן פּנים: אַ לאַנגער רויטער העפט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן בּאַ דער לינקער שלייף און זיך געצויגן האַלב רונדיק איבערן שטערן, איבער דער ברעם, איבער די וויעס, זיך געצויגן ווייטער, איבער דער נאָז, דורכגעשניטן די באַק, איבערגעשניטן דעם רעכטן שפּיץ פון ביידע ליפּן און זיך אָפּגעשטעלט אַף דער גאָמבע.

באַם אָנבליק פון דעם פּנים האָט שוין דער אַלטער אוועקגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט אויפגעשווידערט און האָט אַף זיין פּנים, אַף די זעלבע ערטער וואו עס איז געווען דער העפט בּאַ יענעם — האָט דער אַלטער, געפילט דעם אָפּקלאַנג פון יענעם ווייטיק וואָס דער אומבאַקאַנטער האָט אַמאָל געליטן — אַ ווייטיק וואָס יענער האָט שוין מסתמא פאַרגעסן, און איצט האָט ער דאָס געפילט.

דער מענטש האָט זיך עפּעס צעשמייכלט און געפרעגט:

— האָסט זיך דערשראָקן פאַר מיר? זאָג דעם אמת.

דער אַלטער האָט זיך אויך צעשמייכלט:

— איך בין שוין אַלט. איך שרעק זיך שוין נישט...

דער גאַוטש האָט זיך אָנגערופן:

— אַקילע, טו מיר אַ טובה... רייד אַביסל וויניקער וועגן דיין פּנים... איך בין הונגעריק, באַלד וועל איך פון דיר אָפּשניידן אַ שטיק און מיר אָנפּילן די קישקעס... נו, וויניקער גערעדט!

דער מענטש מיטן צעשניטענעם פּנים איז אַנטשוויגן געוואָרן. דער גאַוטש האָט זיך אוועקגעזעצט אַף אַ קאַטרע. ער האָט אָנגעוויזן דעם אַלטן ער זאָל זיך זעצן אַפן איינציקן בענקל אינדערמיט.

באַלד האָט זיך אויך דער מענטש מיטן צעשניטענעם פּנים אוועקגעזעצט. דער גאַוטש, דאָן פעליפּע, האָט שטרענג באַפוילן:

— אָנפּילן די קישקעס!

זיי האָבן אָנגעהויבן עסן. דער אַלטער האָט פאַרזוכט דעם ערשטן ביסן און שוין האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז ער איז שוין זאַט. ער איז געבליבן זיצן מיט אַ נישט צעקייטן ביסן אין מויל. דער גאַוטש האָט זיך צעבייזערט:

— וואָס איז דאָס? צוליב דיר פאַרליר איך דעם אַפּעטיט... איך

האָב ליב צו זען ווי מען עסט. עס, ווייל אויב נישט וועלן מיר זיך צעהאַרגענען!..

אַקילע, דער מיטן צעשניטענעם פּנים, האָט זיך אַנגעבויגן אונטערן טישל, אַרויסגעשלעפּט אַ גרויסע פלאַש מיט רויטן וויין, געשטופּט זי דעם אַלטן אין די הענט און געזאָגט:

— טרינק, וועסט באַקומען אַפּעטיט.

דאַן פעליפּע האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן מעסער אין טיש און האָט זיך צעשריען:

— פּוטשאַ, אודאי קען מען ניט האָבן קיין אַפּעטיט, אַז עס פעלט אַביסל וויין... פּוטשאַ, ווי אַזוי האָסטו פאַרגעסן באַלד אַרויפצושטעלן?

אַקילע האָט זיך פאַרענטפערט:

— שוין אַ וואָך ווי מיר טרינקען נישט קיין וויין. האָסט געזאָגט אַז ס'זידט דיר אויף דאָס בלוט... איאָ האָסט אַזוי געזאָגט?

דאַן פעליפּע האָט צוגעשטעקט דעם גאָפּל צו אַקילעס פּנים, אויסגעגלאָצט אַף אים אַ פּאָר בייזע אויגן און געזאָגט:

— האָסט זיך לעצטנס אָנגעהויבן באַמאַכן מיט ליגנס... איין ליגן גרעסער פאַרן אַנדערן. הער! איך מוז דיר נאָך ווען עס איז צעשניידן דאָס פּנים. נאָר איך וועל שניידן אַזוי: פון רעכטס — כאָטש איין שניטעלע וועל איך דיר געבן. וועסט זען, פריינטעלע...

אַקילעס צעשניטן פּנים האָט זיך פאַרוואָלקנט. אַפן שפּיץ פון זיין איבערגעשניטענער ליפּ האָט זיך אָנגעהאַנגען אַביסל גאַליקע שפּאָט. ער האָט געזאָגט שטיל, מיט אַזאַ געענדערט קול:

— איינמאָל האָט מען עס שוין צעשניטן, מער וועט מען שוין נישט שניידן. עס איז נאָך דער מענטש ניט געבוירן געוואָרן... אויב דו האָסט ניט געוואוסט, זאָלסטו וויסן!

דער אַלטער אברהם האָט זיך אַריינגעמישט. ער האָט זיך ניט דרייסט אָנגערופן:

— איך בין שוין אַלט. שוין באַלד אַכציק יאָר בין איך אַלט; איך האָב קיינמאָל נישט פאַרגאָסן קיין מענטשלעך בלוט. ווען איך ווייס, אַז איך וואָלט נאָך געקענט לעבן נאָך אַכציק יאָר, בין איך זיכער, אַז איך וואָלט ווידער נישט פאַרגאָסן קיין בלוט.

דער גאָוטש איז געוואָרן פריילעך פונעם אַלטנס ווערטער. ער האָט אים אַ גלעט געטאָן אין פּלייצע און געזאָגט:

— גוט האָסטו געזאָגט. זייער גוט האָסטו געזאָגט!... נאָר פונדעסט־וועגן ראַט איך דיר שטענדיק מיט זיך צו טראָגן אַ מעסער. אַ מענטש אָן אַ מעסער איז ווי אַ הונט אָן ציינער; נאָר דאָך ביזטו געררעכט... גיב אַ לעק פונעם ווײַן, טו מיר די טובה!

דער אַלטער האָט געפאָלגט. ער האָט אַ זופּ געטאָן פון דער פלאַש. באַלד האָבן די איבעריקע צוויי אויך געזופּט פון דער פלאַש. עס האָט לאַנג נישט געדויערט, די פלאַש איז געבליבן אויסגעליידיקט. אויף די פארבליבענע ביינדלעך אין די טעלער, האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפקומען פליגן. אקילע האָט אַ ווײַלע געקוקט אויף די רויענדיקע פליגן, דערנאָך האָט ער צוזאַמענגעשטעלט די טעלער און אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן. ער האָט זיך לאַנג געזוימט. דאָן פעליפּע האָט זיך אָנגעשפּאַרט אינעם בענקל וואו דער אַלטער אברהם איז געזעסן, ער האָט זיך אײַנגעקוקט צי אקילע קומט נישט צוריק, האָט ער אים שטיל געפרעגט:

— געפעלט דיר, אָט אָ דער, מיטן צעשניטענעם פנים?

— יאָ! — האָט דער אַלטער געענטפערט.

דער גאַוטש האָט זיך צו אים צוגעצויגן נאָך נענטער און האָט אָנגעהויבן דערציילן נאָך שטילער, ווי פריער.

— אַ משונהדיקער מענטש דער אקילע: שוין עטלעכע יאָר ווי מיר זײַנען צוזאַמען און איך קען אים ניט פארשטיין. איך האָב זיך מיט אים אָנגעטראָפן אויפן וועג, אָט אַזוי, ווי איך האָב דיך היינט געטראָפן. ער איז זייער אַ קלוגער מענטש, ער פארשטייט אַלץ. אַז איך גיב אַ וואונק מיטן אויג, ווייסט ער שוין וואָס איך מיין. ער איז זייער אַ געלערנטער מענטש. ער ווייסט מסתמא אַזוי פיל וויפל אַ דאָקטער. ער פאָרט אַמאָל אין שטאָט אַרײַן, קויפט אַ פּאָר ביכער, לייענט זיי איבער אויף שנעל, און באַלד אויף צומאָרגנס, הויבט ער זיך אָן אונטערוווישן מיט זיי... יאָ, מיר איז ער נישט אינגאַנצן צום האַרצן. קיין גוט האַרץ האָט ער ניט. ווייסט, איך קען שווערן בײַ אַלץ אין דער וועלט, אַז ער איז בייז אויף דיר, אויף מיר, פארוואָס דו געפינסט זיך איצט דאָ. נו, געפעלט דיר, וואָס איך האָב דיר דערציילט?

דער אַלטער אברהם האָט זיך אַ דריי געטאָן אויפן בענקל, ער האָט שטיל געזאָגט:

— דער מענטש איז געררעכט. ער איז דיר געטריי. נאָר מאָרגן פאַרטאָג וועל איך ווײַטער גיין.

דער גאָוטש האָט זיך ווייטער אויפגעשטעלט:

— איך לאָז דיר נאָך נישט אַזוי שנעל אַוועק. מאָרגן גייסטו נישט. וועסט נישט זיין קיין שלעכטער...

— איך מוז! — האָט זיך דער אַלטער געבעטן.

דער גאָוטש האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער פויסט אין טיש:

— פּוטשאַ, מען טאָר דאָך פאַר דיר קיין וואָרט נישט אויסריידן, אַלטיטשקער... איך וואָלט וועלן, אַז בעסער זאָל אַקילע פון מיר אַוועקגיין, דו בלייב מיט מיר — אָפּ אייביק בלייב מיט מיר!.. יאָ?

דער אַלטער האָט נישט געענטפערט. דער גאָוטש האָט עפּעס נאָך געוואָלט זאָגן, נאָר מיטאָמאָל האָט ער זיך אָפּ שנעל אומגעקוקט. אַקילע איז געשטאַנען אין דער טיר מיט אַזאַ גלייכגילטיקן אויסזען, ווי אַ סלופּ, וואָס שטייט אַ האַלב איינגעזונקענער אין דער ערד.

דער גאָוטש האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— אַקילע, האָסט געהערט וואָס איך האָב געזאָגט צו מיין פריינט?

— ניין.

— זאָגסט נישט דעם אמת.

אַקילע איז אַריבערגעטראָטן די שוועל. ער האָט אַ שמייכל געטאָן מיטן צעשניטענעם פּנים און געענטפערט מיט אַ העכער געוואָרן קול:

— דעם אמת האָב איך געזאָגט. שוין לאַנג ווי איך האָב קיין ליגן נישט געזאָגט. אָט דאָס — ער האָט מיט אַ פינגער אָנגעטאַפּט דעם שניט אָפּ זיין פּנים — האָב איך געקראָגן, ווייל איך האָב קיין ליגן נישט געזאָגט...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער איז צוגעגאַנגען צו זיין געלעגער און האָט זיך אַוועקגעזעצט. אַ לענגערע צייט האָבן אַלע געשוויגן. דאָס לעמפּל וואָס איז געהאַנגען אָפּ דער וואַנט האָט אָנגעהויבן ברענען טונקעלער. אַ קיל ווינטל האָט אַריינגעיאָגט דורך דער טיר. די גליענדיקע קוילן וואָס האָבן געברענט אָפּ דער ערד, זיינען רויטער געוואָרן, געטליעט, געפינקלט ווי אַ קופּע רויטע רובינען. אַ לייכטער רויך האָט זיך אויסגעמישט מיט די ריחות פונעם פעלד. די דרויסנדיקע נאַכט, האָט שטיל געהילכט מיט קולות: זשאַבעס האָבן זיך ערגעץ צעקוואַקעט, אויסגעמישט זיך מיטן גריל־צערן פון גרילן. אין דער שוואַרצקייט האָבן דורכגעפלאַטערט ברוינע שמעטערלינגען און זשוקעס, זיך דערנענטערט צו

דער אָפּענער טיר, דערשפּירט דעם רויך און צוריק פאַרפאַלן געוואָרן אין דער פינצטערניש. נאָר ווייט האָט זיך געשראָקן עפּעס א פויגל, אַרומגעשוועבט איבער דער פינצטערער וועלט און זיך אפשר נישט גע־וואוסט וואו אַראָפּצולאָזן.

דאַן פעליפּע האָט געפּרעגט אַקילען:

— אפשר וואָלטן מיר געטרונקען א מאַטע?

אַקילע האָט זיך שנעל א כאַפּ געטאָן:

— אַט וועט באַלד זיין.

דאַן פעליפּע האָט זיך אין דער העלפט אויסגעצויגן אַף דער קאַטרע. ער האָט זיך צופרידן געריבן די הענט. מיטאַמאָל האָט ער זיך געגעבן א כאַפּ:

— פּוטשאַ, איך האָב שוין לאַנג נישט גערויכערט. ווילסט מכבד זיין מיט אביסל טאַבאַק?

אַקילע איז צוגעגאַנגען צו זיין געלעגער. ער האָט אויפגעהויבן די דעק, געזוכט א ווייַלע אונטערן קישן און אַוועקגעלייגט אַפן טיש אַן אָנגעהויבן פּעקל טאַבאַק און א קליין ביכעלע מיט ביבולקע־פּאַפּיר. דאַן פעליפּע האָט דאָס א שאַר געטאָן צום אַלטן און געזאָגט:

— פּאַרויכער.

דער אַלטער אברהם האָט פאַרדרייט א פּאַפּיראָס. די האַנט האָט אים מאָדנע געציטערט. אַקילע האָט אים אונטערגעטראָגן א שטיקל גלי־ענדיקע קויל. באַלד האָבן שוין אַלע גערויכערט. דאָס הייזל איז פול געוואָרן מיט רויך. שפּעטער האָט נאָך אַקילע דערלאַנגט דעם אַלטן א הייסע מאַטע. אים האָט ער דערלאַנגט דעם ערשטן, געקוקט אַף אים מיט מאָדנע באַהאַלטענע בליקן און אַלע האָבן געשוויגן. מיטאַמאָל האָט דאַן פעליפּע א זאָג געטאָן צו אַקילען:

דערציייל עפּעס. איצט איז גוט עפּעס צו הערן.

אַקילע האָט אים געענטפערט:

— איך וועל דערציילן וועגן א געשלעג, וואָס איך האָב אַמאָל בייגעוואוינט צווישן צוויי מענטשן,ביידע זיינען זיי געהרגעט געוואָרן. נאָר דאָס משונהדיקסטע דערביי איז, וואָס ביידע זיינען זיך דרייסיק יאָר נאָכאַנאַנד געווען די בעסטע פריינט. און מיט עטלעכע מינוט פאַר דער פּאַסירונג, ווען עמיצער וואָלט זיי געזאָגט, אז זיי וועלן זיך שלעכטס טאָן, וואָלטן זיי געזאָגט, אז יענער איז משוגע געוואָרן...

דאָן פּעליפּע האָט געפרעגט באַם אַלטן אברהם:

— מיר דוכט זיך, אַז דיר געפעלט נישט די מעשה. דו האָסט מסתמא פיינט צו הערן דערציילן וועגן געשלעגן, בלוט־פאַרגיסונגען, נישט אמת?

דער אַלטער האָט זיך עפּעס פּלוצלינג פאַרשעמט. ער האָט אַוועק־געדרייט דעם קאָפּ צו אַקילען. ער האָט געגעבן אַן אויסמיידנדיקן ענטפער:

— די מעשה איז אַ שיינע, דערצייל.

דאָן פּעליפּע האָט נישט געלאָזט. ער האָט געזאָגט צום אַלטן:

— איך וויים, אַז דיר געפעלט דאָס נישט. איך פאַרשטיי שוין, דו געהערסט צו יענע מענטשן, וואָס וואָלטן געטאָן אַלץ, נישט צו פאַר־גיסן אַביסל בלוט... נישט אמת?

— אמת — האָט דער אַלטער געזאָגט מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט זיך מתודה געווען אַף אַ גרויסער זינד.

דאָן פּעליפּע האָט זיך אַ פּאַטש געטאָן אין די קניען:

— ביזט נישט גערעכט. זיי מוחל וואָס איך זאָג דיר דאָס — ביזט נישט גערעכט.

דער אַלטער האָט געפרעגט:

— מיט וואָס?

דאָן פּעליפּע האָט זיך אויפגעשטעלט. ער האָט אָנגעהויבן ארומ־שפּרייזן פון וואַנט צו וואַנט, און אַזוי שפּרייזנדיק האָט ער געענטפערט:

— פאַראַן געגונג טינוף אַף דער וועלט... עס וואָלט געווען נאָך מער, ווען עס זאָל נישט זיין קיין מעסערס און אַזעלכע וואָס האָבן נישט מורא זיך מיט דעם צו באַנוצן... אָט, פאַרמאָג איך אַ שטיקל ערד, איינגאַנצן אַ צוואַנציק העקטאַר. בא אונדז אין לאַנד איז צוואַנציק העקטאַר גאָרנישט. איך האָב אַף דעם שווער געאַרבעט. געפינט זיך דאָ איינער, אַ געוויסער הער מאָלינאַ, ער פאַרמאָגט אַ מיליאָן מאָל אַזוי פיל ווי איך. פונדעסטוועגן טוען אים וויי די פּאָר שפּאַן ערד וואָס איך פאַרמאָג. ער וואָלט דאָס שוין לאַנג געפּרואווט צונעמען בא מיר... נו, ווייכט ער, אַז איך האָב אַ מעסער... אַ שאַרף מעסער... איך קען דאָס זייער גוט האַלטן אין דער האַנט און ער וואַגט נישט... נו, פאַרשטייסט וואָס איך האָב דיר געזאָגט?

אקילע האָט זיך פּלוצלינג צעלאַכט:

— דו מיינסט טאַקע, אז מען האָט פאַר דיין מעסער אַזוי שטאַרק מורא?

— אודאי! — האָט דאָן פעליפע זיך דערנענטערט צו אים, און זיינע אויגן האָבן שוין געבליצט מיט אַ ווילד פייער.

דער אַלטער אברהם דערשרעקט זיך. ער מיינט, אז דער גאוטש וויל עפּעס שלעכטס טאָן דעם מענטשן מיטן צעשניטענעם פּנים; ער גייט צו צו דאָן פעליפען, כאַפּט אים אָן באַ דער האַנט, שאָקלט אים די האַנט און רעדט ווי אַ מענטש וואָס בעט זיך רחמים:

— ביזט גערעכט גוטער מענטש; ביזט גערעכט... זיי נישט בייז... ביזט גערעכט...

דער גאוטש באַרואיקט זיך. ער קלאַפּט דעם אַלטן שוין פריינטלעך איבערן אַקסל. פירט אים צוריק צו צום בענקל און זעצט אים אַוועק. ער צעשמייכלט זיך פריינטלעך און זאָגט, אַז ווי ער וואָלט נישט גערעדט מיטן מויל נאָר מיטן האַרץ:

— זיי מוחל אַלטער, איך רייד צו האַסטיק, ווייל איך האָב גע־טרונקען אַביסל ווייַן... כ'טאָר קיין וויין נישט טרינקען.

עס ווערט שטיל. אקילע גיט זיך אַ כאַפּ און זאָגט צום אַלטן:

— איך וועל מיר אויסבעטן באַ דער טיר. איר קענט זיך שלאָפן אויף דעם געלעגער.

דער אַלטער הויבט זיך אָן בעטן:

— ניין, לאָז מיך שלאָפן באַ דער טיר.

עס איז ווידער געוואָרן אַ שטיקל טומל. דער אַלטער אברהם האָט ניט געוואָלט, אז אקילע זאָל אים אָפּטרעטן דאָס בעט. דאָן פעליפע האָט געפּסקנט:

— אַף אַ געלעגער מוזטו שלאָפן! קלויב זיך אויס: מיינס אָדער אקילעס?

דער אַלטער האָט זיך דערנענטערט צו אקילעס געלעגער. עפּעס האָט ער זיך געפילט שלעכט, און פאַר די אויגן האָט אים אַ שוועב געטאָן דאָס געלעגער, וואָס ער האָט געהאַט באַ זיין זון. עס האָט אים שוין באַלד באַנג געטאָן, וואָס ער איז אַוועק פונעם זון. עס האָט אים באַ־שווערט די גוטסקייט פון די דאָזיקע גוטע מענטשן.

אקילע האָט זיך דערווייל אויסגעבעט אַף דער ערד בא דער טיר. דאַן פעליפּע האָט זיך דער ערשטער אָנגעהויבן אויסטאָן. ער האָט באַהאַלטן דאָס מעסער וואָס ער האָט שטענדיק געהאַלטן אין גאַרטל, בא זיך אונטערן קישן. אביסל שפּעטער זיינען שוין אַלע געלעגן אַף די נעלעגערס איינגעהילט אין פינצטערניש. דאַן פעליפּע האָט נאָך אין דער פינצטער געראָיכערט אַ פּאַפּיראָס. ער האָט געשריגן צום אַלטן:

— אַלטיטשקער, ס'איז דיר גוט צו שלאָפן?

— יאָ, — האָט דער אַלטער שטיל געענטפערט.

שפּעטער אביסל האָט זיך אַקילע אָנגערופן:

— אַלטיטשקער, פאַרטאָג ווערט קאַלט. אויב דו ווילסט זיך מטריח זיין, שלעפּ אַרויס פון הינטערן קישעלע אַ קאָלדרע און דעק זיך גוט איין... ע?

אברהם האָט געענטפערט:

— ס'איז מיר נישט קאַלט.

— אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט.

שפּעטער אביסל האָט דאַן פעליפּע אָנגעהויבן לייכט צו כראָפּען. אַקילע האָט אויך געכראָפּעט. נאָר דעם אַלטן אברהם האָט נישט גענומען קיין שלאָף. אָט האָבן זיך אים די אויגן גענומען צו ביסלעך קלעפּן, און אָט האָט עס אים עפּעס אַ שאָס געטאָן אין די אויערן און ער האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן און איבערגעוועקטער, איז ער שוין געבליבן ליגן אַ וואַכער. פאַרשידענע איבערלעבענישן, שוין פון לאַנג פאַרגאַנגענע, האָבן צוריק אויפגעלעבט פאַר אים אין דער פינצטערניש, אויפגעלויכטן ווי נאָר וואָס געשעענע און צוריק זיך אויסגעלאָשן.

מיטאַמאָל האָט די פינצטערניש אָנגעהויבן אויסרינען. עס איז געוואָרן העלער און ליכטיקער. פונקט אַנטקעגן דער טיר באַם עק פעלד, איז אויפגעגאַנגען אַ ריזיק גרויסע לבנה. די לבנה איז שיר נישט געווען אַזוי גרויס ווי אַן אונטערגייענדיקע זון; אַ רויטע, בלוט־פאַרביקע. נאָר דאָס ליכט, וואָס האָט פון איר אויסגעשטראַלט, איז געווען בלוי. דערנאָך האָט זיך די לבנה אויפגעהויבן העכער, איז קלענער געוואָרן און איז בלאַסער געוואָרן. אַקילע וואָס איז געשלאָפן אַף דער ערד האָט זיך פּלוצלינג געגעבן אַ האַסטיקן זעץ אויף. ער האָט אַ ווײַלע געגאַפּעט

אַף דער לבנה, נאָר באַלד האָט ער זיך געגעבן אַ שטעל אויף און האָט זיך אָנגעהויבן אָנטאָן. באַלד האָט ער זיך דערנענטערט צום אַלטנס גע־לעגער. דער אַלטער אברהם האָט זיך צוזאַמענגעקאָרטשעט פון אַ שרעק־לעכן פחד. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, זיך געמאַכט ווי ער וואָלט געשלאָפן, נאָר באַלד האָט ער די אויגן אַביסעלע געעפנט. ער האָט פאַר זיך דייטלעך געזען דאָס צעשניטענע פנים, אַ מענטשלעך פנים, וואָס האָט אויף אים געקוקט מיט אַ משונהדיקן פאַריבל, נאָר אָן האַס. באַלד האָט זיך אַקילע געלאָזט צו דער טיר. שטיין געבליבן אויף דער שוועל. דער אַלטער האָט איצט אים גוט געקענט באַטראַכטן: זיין געשטאַלט אַזאַ אויסגעצויגענע, גלייכע, נאָר דער קאָפּ אַן אַראָפּגעלאָזענער, אַן איינגעבויגענער קאָפּ, וואָס וויל זיך האַלטן גלייך, נאָר אַן אומגעזעענע מאַסע שווערט אים אַראָפּ. זיין אַלט ברוין רעקל האָט ער געהאַלטן אין דער האַנט, אַזוי ווי מען האַלט אַ שמאַטע. אַ ווײַלע איז ער נאָך געשטאַנען אויף דער שוועל, נאָר באַלד האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט אַ האַנט צו די שלאָפנדיקע, ער האָט געמאַכט אַזאַ מאָדנעם זשעסט, ווי מען געזעגנט זיך מיט עמיצן פון ווייטן. ער האָט זיך געלאָזט גיין גלייך מיטן פעלד. ער איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון וואַנען די לבנה איז אויפגעגאַנגען; דער אַלטער האָט עטלעכע מינוט נאָך געהערט דעם שאָרך פון יענעמס טריט וואָס האָבן זיך דערווייטערט. עס איז אים מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן, אַז אַקילע איז אַוועק צוליב אים. ער האָט אויף אים רחמנות געקראָגן. עס האָט זיך אין אים דערוועקט אַזאַ שטאַר־קער מיטלייד צו יענעם, אַז קיינמאָל האָט ער נאָך צו אַ מענטשן אַזאַ שטאַרקן רחמנות געפיל נישט געהאַט. ער האָט אין זיך געשריגן: „גיי נישט אַוועק, מענטש!... איך וועל נאָר איבערשלאָפן די נאַכט און איך וועל מיר אַוועקגיין... גיי נישט אַוועק, איך וועל דיין אָרט נישט פאַר־נעמען... מענטש, גיי נישט אַוועק!" אַזוי האָט ער געשריגן אין זיך אָן אויפהער. ער האָט זיך אויפגעזעצט און ער האָט געוואָלט שרייען, נאָר אין האַלדז האָבן אים געקוועלט טרערן וואָס ער האָט געטרונקען. ער האָט רחמנות געהאַט אויף דעם מענטשן מיטן צעשניטענעם פנים, און ער האָט זיך געפילט באַליידיקט; שוין זשע האָט ער אים אַזוי באַשווערט מיט זיין אַנוועזנהייט, אַז ער האָט פאַר אים געמוזט אַנטלויפן, האַ?
ס'האָט אים קיינער נישט געענטפערט. דאַן פּלוצעם האָט זיך רואיק

געבראָפּעט. פון גאָר ווייט האָט זיך דערטראָגן דאָס קרייען פון א האָן. דער אַלטער האָט זיך צעזיפצט. מיט אַמאָל האָט זיך דאָן פעליפּעס גע־לעגער צעסקריפּעט. דאָן פעליפּע האָט זיך אָנגעהויבן דרייען אַף אַלע זייטן. באַלד האָט ער אָנגעהויבן מורמלען פון שלאָף, באַלד האָט ער גאָר א געשריי געטאָן „פּוטשאַ“ און אָנגעהויבן צו כראָפּען.

דער אַלטער האָט פון דעם וואָרט, וואָס דער שלאָפנדיקער האָט א געשריי געטאָן, א שמייכל געטאָן. ער האָט עפּעס אָנגעהויבן שטיל צו לאַכן. ער האָט געלאַכט אין זיינע צרות, און דער געלעכטער האָט אים אָנגעהויבן משונהדיק צו שטיקן. ער האָט מורא געהאַט ער זאָל נישט אויפוועקן דעם שלאָפנדיקן. נאָר מיטאַמאָל האָט ער אויפגעכאַפּט א שאַרנדיקן שאָרך. ער האָט זיך איינגעהערט. באַלד האָט א שאָטן זיך דערנענטערט צו דער טיר. אויסגעצויגן זיך אַף דער ערד, פאַרשוואונדן געוואָרן און באַלד צוריק אויסגעוואַקסן. מיטאַמאָל איז אַקילע צוריק שטיין געבליבן אין דער טיר. איצט איז אים דער קאָפּ איינגאַנצן געווען אַראָפּגעלאָזן. ער האָט זיך שטיל אַרומגעקוקט און האָט זיך געגעבן א האַסטיקן זעץ אַראָפּ אַף זיין געלעגער בא דער טיר. ער האָט א ווײַלע געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי עמיצער וואָס האָט עפּעס פאַרשפּילט; פאַר־שפּילט א זאַך, וואָס מען קען שוין קיינמאָל נישט צוריקגעווינען... האָט ער זיך אַף שנעל איינגענורעט אין די פעלן אַף דער ערד און ער האָט א זיפץ געטאָן, זיך צעקרעכצט ווי א מענטש וואָס אַף אים איז אַרויפ־געפאַלן א שווערע זאַך. דער אַלטער אברהם האָט זיך אויך צעזיפצט, נאָר אַנדערש — לייכט, ווי עמיצער פון וועלכן מ׳האָט אַראָפּגענומען א שווערע משא.

אביסל שפּעטער זיינען שוין אַלע געשלאָפן. אין א שעה אַרום האָט אָנגעהויבן אינדרויסן צו שאַריען אַף טאָג. א קיל ווינטל האָט אָנ־געהויבן אַריינבלאָזן דורך דער טיר. דערנאָך האָט זיך דער ווינט פאַר־שטאַרקט. פונעם פעלד האָט אָנגעהויבן אַריינײאָגן א שטויב. געשאָטן אַף די ווענט, אַף די געלעגערס. דער אַלטער אברהם האָט זיך איבערגעוועקט. ער איז אַראָפּגעקראָכן פון זיין געלעגער. ער האָט געוואָלט פאַרמאַכן די טיר, נאָר דער שלאָפנדיקער אַקילע האָט זי נישט געלאָזט פאַרמאַכן; אַף צו פאַרמאַכן די טיר האָט מען באַדאַרפט אוועקרוקן דעם שלאָפנדיקן. דער אַלטער האָט אַראָפּגענומען די גרויסע פעל פון זיין געלעגער און

דערמיט איינגעדעקט אקילען. יענער האט זיך איבערגעקערט אױף א זייט. ער איז געשלאָפן געשמאַק, נאָר דאַך האָט ער געפילט אין שלאָף, אַז עמי־צער דעקט אים איין, לייגט אױף אים צאַרט אַרויף א װאַרעמע זאַך. שוין לאַנג, לאַנג, ווי קיינער האָט אים נישט איינגעדעקט. ער האָט געשמייכלט אינעם שלאף.

דער אַלטער האָט זיך אָנגעהויבן אָנטאָן. ער איז געוואוינט געווען אויפצושטיין פרי. שפּעטער האָט ער זיך שוין אָן אָנגעטאָנענער צוריק אוועקגעזעצט אױף זיין געלעגער. ער האָט געוואַרט ביז דאָן פעליפּע און אַקילע וועלן אויפשטיין.

ער האָט לאַנג געוואַרט. ער האָט דערווייל אָנגעהויבן צוריק דרימ־לען א זיצנדיקער, אָנגעשפּאַרט אינעם טישל.

אינדרויסן האָט זיך דער ווינט איינגעשטילט. די זון איז אויפ־געגאַנגען, זיך צעלויכטן שנעל מיט אַזאַ ליכטיקייט, ווי עס וואָלט שוין געווען האַלבער טאָג.

ווען די זון־שטראַלן האָבן שוין אָנגעהויבן אַריינבלענדן אינעם שטי־בל, האָבן זיך שוין אַקילע און דערנאָך דאָן פעליפּע, איבערגעוועקט. זיי זיינען אויפגעשטאַנען אַזעלכע פרײלעכע און אויסגערוטע. דאָן פעליפּע וואָס האָט געזען זיצן דעם אַלטן אברהם אין אָנטאָן, האָט עס אים פאַר־דראָסן; ער האָט געגלויבט אַז דעם אַלטן איז מסתמא נישט געווען באַקוועם צו שלאָפן און ער האָט זיך מצער געווען. דער אַלטער האָט אים באַרואיקט. אים איז געווען זייער גוט צו שלאָפן, נאָר ער האָט ליב אויפ־צושטיין פרי. ער האָט צוגעגעבן מיט א שמייכל:

— איך בין שוין אַלט. אַלטע לייט דאַרפן שלאָפן וואָס ווייניקער... אין קורצן וועל איך שוין שלאָפן א סך, א סך...

דאָן פעליפּע האָט זיך צעלאַכט. ער האָט אים געגעבן גערעכט. אַקילע איז פלוצלינג צו צום אַלטן. ער האָט אים עפּעס אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט זיין האַנט, שטאַרק געדריקט און געדאַנקט:

— איך האָב זיך אַרומגעזען, אַז דו האָסט אַראָפּגענומען פון זיך דיין צודעק און מיך איינגעדעקט... האָסט דאָס נישט באַדאַרפט טאָן. ביזט א שלעכטער זקן...

— דאָן פעליפּעס פּנים האָט אויפגעלויכטן:

— אַזאַ פויגל ביזטו... פּוטשאַ!..

די פרייד אינעם שטיבל האָט זיך פאַרגרעסערט, זיך אויסגעמישט מיט דער ליכטיקייט פונעם צעשיינטן טאָג. דאָן פעליפּע און אַקילע האָבן נישט אויפגעהערט צו ריידן וועגן דעם איינדעקן, ווי וועגן עפּעס אַ גרויסן אויפטו. דערנאָך האָט דאָן פעליפּע אָנגענומען דעם אַלטן באַם אָרעם, אַרויסגעפירט אים אַפן פעלד אַרויס און געזאָגט:

— קום, באַקוק וואָס איך פאַרמאָג...

דער אַלטער האָט זיך געלאָזט פירן און זיך אַרומגעקוקט, נישט ווייט פון דער טיר זיינען געשטאַנען אַריינגעוואַקסענע אין דער ערד עטלעכע נידעריקע קאַקטוס־בוימער, באַוואַקסענע מיט גראָבע שטעכיקע בלעטער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי פּאַדעשוועס פון מענטשלעכע שיך; אַנשטאָט צווייגן, האָבן באַם שפּיץ פון יעדן בלאַט אַרויסגעוואַקסן אַנדערע בלעטער, הינטער די בוימער איז געווען אַ נידעריקער ברונעם. פונדערווייטן האָבן די בוימער אויסגעזען ווי עפּעס אַ משונהדיקע חיה, וואָס היטן אָפּ דעם צוגאַנג צום ברונעם. אַראָפּצו איבערן פעלד זיינען געלעגן די אָקסן נאָך מידע פון נעכטן. זיי זיינען געלעגן ווייט איינער פונעם צווייטן, אָט ווי די בהמות וואָלטן צווישן זיך געווען ברוגז. גאָר ווייט זיינען געשטאַנען עטלעכע פערד און געפּרעסן פון דער ערד די איבערנאַכט אויסגעוואַקסענע גראָזן. אויף דער צווייטער זייט פעלד האָבן זיך אַרומגענורעט עטלעכע צענדליק ברוינע חזירים, אַרומגעקראָכן אַלע אין אַ גרויסן גרוב מיט גלאַנציקער בלאָטע. אויף אַ שטיקל פּלאַץ, אַן אַרומגעצוימטן מיט שטעכיקן דראָט, וואָס האָט זיך געפונען אין דער רעכטער זייט פונעם שטיבל, איז געשטאַנען דער גרויסער וואָגן נעבן אַ הויך סטויגל מיט ברוינער אַלפאַלפאַ. און אין דער הויך, אויפן באַרג מיט אַלפאַלפאַ, האָבן געגעכטיקט עטלעכע ווייסע טויבן.

דער אַלטער אברהם האָט אַלץ באַטראַכט מיט אַ שיינענדיק פּנים. ער האָט אויף אַלץ געקוקט מיט אַ מינע פון איינעם וואָס באַקוקט אייגנס, וואָס ער האָט שוין לאַנג ניט געזען; ער האָט זיך דערנענטערט צו אַן אַקער וואָס איז געלעגן נישט ווייט פונעם וואָגן. ער האָט געגלעט דאָס הענטל און געזאָגט מיט בענקשאַפט און פאַרחלומטקייט:

— איך וואָלט נאָך וועלן אַקערן.

דאָן פעליפּע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— וועסט אַקערן, וועסט אַקערן...

אקילע איז פּלוצלינג אויסגעוואקסן.

— די מאַטע איז שוין גרייט. — און אַלע האָבן זיך געלאָזט גיין צוריק אין שטיבל אריין.

פּונקט ווען דער אַלטער אברהם האָט געזויגן דורכן מעשן רערל די מאַטע, אינמיטן טרינקען, האָט זיך פּלוצלינג דערהערט פון ווייט א געזויש פון א מאָטאָר. באַלד האָט זיך דער גערויש דערנענטערט. אַלע האָבן דערהערט ווי גאָר נאָענט פאָרט אַן אויטאָמאָביל. אקילע האָט זיך געוואָלט א לאָז טאָן אין דרויסן און שיר איז אָף אים נישט אַרויפגעפאָרן אַן אויטאָמאָביל, אַן אַלטער פאָרד מיט א דורכגעלעכערטער קאַפּאָטע. דער אויטאָמאָביל האָט זיך געגעבן א האַסטיקן שטעל אָפּ. צוויי מענטשן אָנגעטאָן ווי ים־לייט, איינער ווי א קאַפּיטאַן און דער אנדערער ווי א מאַטראָס, זיינען אַרויסגעשפּרונגען איינצייטיק דורךביידע טירלעך פון דער מאַשין. זיי זיינען גלייך אריינגעגאַנגען אין שטיבל, צוגעלייגט די הענט צו די דאַשקעס, אויסגעצויגן זיך א ווייַלע ווי די סטרונעס, דערנאָך האָבן זיי אָנגעהויבן שטופּן די הענט, ווי אַלטע באַקאַנטע מיט א פּלאַסק אין יענעמס האַנט. שטאַרק גערדיקט און דער קאַפּיטאַן האָט אָנגעהויבן ריידן שנעל אָף א מאָדנעם לשון, א געמיש פון עטלעכע לשונות; אידיש, ענגליש, שפּאַניש און רוסיש:

— גוט מאָרנינג מיסטערס: היי יו דו פּאַטראָנעס? צ'וועט זיין קונים אָף א פּאָר קאָרטלעך קאָנטראַבאַנד? אינגליש שטאָף. טינוף נומער איינס! האָ?

איידער ס'האָט נאָך ווער צייט געהאַט צו ענטפערן א וואָרט, איז שוין דער מאַטראָז צוריק געווען באַם אויטאָמאָביל. פלינק אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט א וואַליזע און א פּאַק מיט אָפּגעשניטענע שטיקער שטאָף, רעגנמאַנטלען, הויזן און לעדערנע מאַרינאַרקעס. ער האָט זיך קוים דורכגעשטופּט דורך דער טיר. ער האָט א וואָרף געטאָן דעם פּאַק אָף דאָן פּעליפּעס געלעגער און דער מאַטראָז האָט זיך א נעם געטאָן צום אַלטן אברהם. ער האָט כמעט גערעדט צו אים אינגאַנצן אין אידיש:

— סעניאָר, מיסטער... אַלטער תרח, קויף אַן אינגליש שטאָף, קאָנטראַבאַנד, באַראַטאָ. מוטשאָ באַראַטאָ.

דער אַלטער אברהם איז אביסל בלאַס געוואָרן. צום ערשטן מאָל אין זיינע קנאַפּע אַכציק יאָר, האָט אים א מענטש, אַזוי אָן א פּאַרוואָס, באַליידיקט. ער האָט פונדעסטוועגן געענטפערט אָף שפּאַניש:

— איך האָב נישט קיין געלט. איך קען גאָרנישט קויפן.

דער מאַטראָז האָט אים צוריקגעענטפערט מיט א גמרא־נגון, אינ־גאַנצן אַף אידיש:

— אז האָ־בן זאָלס־טו ס־קד־חת... בי־ליק!

דער אַלטער אברהם האָט א קריץ געטאָן מיט די ציין. ער האָט א קוק געטאָן אַפן מאַטראָס מיט אזא שטעכיקן בליק, אז יענער האָט עפּעס אַראָפּגעלאָזט די אויגן. דער אַלטער האָט אים עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר אָט האָט זיך דאָן פּעליפּע דערנענטערט צום אַלטן. ער האָט געהאַלטן א רעגנמאַנטל אין דער האַנט און געזאָגט:

— אָט, דאָס דאַרף איך האָבן! זאָל איך דאָס קויפן?

דער אַלטער האָט ווי א מבין באַטאַפּט דעם מאַנטל און געענט־פערט:

— פרעג זיי, אפשר האָבן זיי א בעסערן.

דער קאַפּיטאַן און דער מאַטראָז האָבן גלייך פאַרשטאַנען, וואָס דער אַלטער האָט געזאָגט. דער קאַפּיטאַן האָט ארויסגעכאַפּט דעם מאַנטל פון אַלטנס הענט, אָנגעהויבן מיט אים פאָכען אין דער לופט, זיך געקלאַפּט אין האַרץ. דער מאַטראָז האָט זיך אויך אָנגעהויבן קלאַפּן אין האַרצן אריין, דער קאַפּיטאַן האָט געוועוועט:

— דאָס איז אָלרייט! כאַראָשאָ! אינגליש גומי. דער בעסטער אין דער וועלט!..

דאָן פּעליפּע האָט אים אָנגעמאָסטן, דערנאָך האָט ער געפרעגט וויפיל דאָס קאָסט.

— ניינציק פּעזעס.

דאָן פּעליפּע האָט זיך א קראַץ געטאָן אין באַק און האָט געענטפערט:

— פּוטשאַ, אזוי פיל געלט האָב איך נישט.

דער מאַטראָז האָט שנעל א פרעג געטאָן דאָן פּעליפּען:

— פּאַטראָן, מיסטער, וויפל האָסטו?

דאָן פּעליפּע האָט געוואָלט ענטפערן, נאָר מיטאַמאָל האָט זיך דער אַלטער אברהם אוועקגעשטעלט פאַר אים, אים א צי געטאָן צו זיך און געזאָגט צום מאַטראָז מיט עפּעס אזא רציחהדיקן בליק:

— נישט דיין עסק צו וויסן וויפל דער מענטש פאַרמאָגט!.. פינף און צוואַנציק קריגסטו!

א מינוט ווערט א שטילשווייגעניש. דאַן פעליפּע איז דערשטוינט פון אַלטנס טאָן, פון אַלטנס ווערטער. ער פילט ווי דער אַלטער לאָזט נישט אָפּ זיין אָרעם. ער קראַצט זיך נאָך אַלץ אין באַק און באַוואונדערט דעם אַלטן. ער האָט געוואָלט אָנבאָטן פונקט דאָס טאָפּלטע. אַקילע שאַרט זיך צו צום אַלטן. ער שטייט נעבן אים ווי א לייב־וועכטער. אַקילע האָט מורא אז די ים־לייט זאָלן זיך נישט וואַרפן שלאָגן דעם אַלטן פאַר דעם קליינעם אָנבאָט... אַלע דריי וואַרטן מיט אומגעדולד אַפן ענטפער פון די ים־לייט.

דער קאַפּיטאַן פרעגט דעם מאַטראָז:

— נו?

— קעפּטעין: ס'וואָלט געקענט זיין פּרנסה, נאָר דער אַלטער תּרח מאַכט אונדז קאַליע דעם חושׁ! א געשוויר אים אין האַלדז...

דער קאַפּיטאַן ווערט ווייך. ער מאַכט א באַליידיקטע מינע:

— נאָ, מיסטער, אימפּאָסיבל, ניענטע... זיבעציק!

דער אַלטער אברהם זאָגט שטרענג:

— נאָך איין סענט קריגסטו נישט. ווילסטו איז גוט. ניין, — איז געגאַנגען!

ביידע ים־לייט הויבן זיך אָן מענטשלעך בעטן:

— פּאַטראָן, דערלייג עפּעס...

— פינף און צוואַנציק!

דער קאַפּיטאַן גיט א וואָרף דעם מאַנטל אַפן בעט:

— נעם, ווער מיט אים דערוואָרגן!

דאַן פעליפּע שלעפּט אַרויס פון זיין גאַרטל עטלעכע פּאַפּירלעך און ער באַצאָלט. די ים־לייט פרעגן זיך צי מען וויל נישט נאָך עפּעס קויפן. באַלד לאָזן זיי זיך צו דער טיר מיט דער וואַליבע און איבעריקע זאַכן. און ווען זיי זיינען שוין געזעסן צוריק אין אויטאָמאָביל און זיך בלויז נאָכגעפרעגט ווי אַזוי מען פאָרט פונדאַנען צום צווייטן קאָלאָניסט, און דער מאָטאָר האָט שוין צוריק אָנגעהויבן רוישן, האָט דער אַלטער אברהם געזאָגט צו די ים־לייט — די סוחרים, אַף זיין מאַמע־לשון:

— האָט מיר ביידע א גוטן שליטוועג...

די ים־לייט זיינען געבליבן זיצן אינעם אויטאָ, ווי א דונער וואָלט אַף זיי אַראָפּגעפאַלן. דער קאַפּיטאַן האָט אָפּגעשטעלט דעם מאָטאָר. ביידע האָבן מיטאַמאָל געפרעגט:

— איר זענט א איד?

דער אַלטער אברהם האָט מיט ווירדע צוריקגעענטפערט:

— יאָ, איך בין א איד. פאַרט געזונטערהייט און לערנט זיך אויפ צו פאַרדינען אייער ברויט ערלעכער, ווי איר פאַרדינט דאָס איצט!..

דער קאַפּיטאַן איז רויט געוואָרן פאַר בושה. ער האָט זיך גענומען פאַרענטפערן:

— האָט נישט קיין פּאַראיבל, פּעטער... איך האָב אייך חס וחלילה נישט באַליידיקט... — צום שותּף האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ, און אים אָנגעהויבן זידלען: — דיר וואָלט שוין געמעגט דיין פּיסק פאַר־קרימט ווערן... א בראָך אַף דיין קאָפּ!..

דער אַלטער אברהם האָט זיך אריינגעמישט. ער האָט שוין גערעדט ווייך און מיט פאַרגעבונג:

— ניט כדאי צו שעלטן. ס'מאַכט נישט... פאָרט געזונטערהייט און גיט זיך צו שענערע פּרנסות...

דאָן פּעליפּע און אקילע, וואָס האָבן זיך די גאַנצע צייט צוגעהערט צו דעם, פאַר זיי אומפאַרשטענדלעכן געשפּרעך, האָבן זיך געוואונדערט:

— פּוטשאַ, אַלטער, פאַרשטייסט זייער לשון.

אַקילע האָט פאַרטייטשט:

— לאַנדסלייט מסתמא, באַקאַנטע...

דער קאַפּיטאַן האָט דערווייל געשטופּט די האַנט צום אַלטן אברהם און גערעדט מיט פאַרביטערונג.

— זייט מוחל, פּעטער. כ'וואָלט זייער נישט וועלן איר זאָלט וועגן מיר טראַכטן שלעכטס... מיר זיינען דאָך עפּעס אין אַמעריקע... יעדער טוט וואָס ער קאָן און פונדעסטוועגן האָט איר מיר איבערגעפירט דעם קונה— איך בין אַף אייך נישט בייז...

דער אַלטער אברהם האָט אים אַף דעם נישט געענטפערט; ער האָט געזאָגט צו אים אַזאַ טרויעריקער, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ:

— אָט... נישט אידן קומען אויך קיין אַמעריקע. אַלע קומען זיי פּונקט אַזוי אָרעם ווי אידן; נאָר פונדעסטוועגן ברענגען א סך מיט זיך מיט זעקלעך מיט זרעה, פאַרזייען דאָס אָפּן ערשטן שטיקל ערד, אַף וועלכן זיי באַטרעטן. — דער אַלטער האָט א וויינ געטאָן מיט א פינגער צום האָריזאָנט — דאָרט וואָס מיר האָבן געטאָן, זיינען מיר אפשר נישט

שולדיק געווען. דאָ — וואָלטן מיר זיך געמעגט לערנען בא די קריסטן! דאָ — אין דעם גרויסן, שיינעם לאַנד, — ווען מיר וואָלטן באמת גע־וואָלט, וואָלטן מיר געקענט ווערן מיט לייטן גלייך. מיר וואָלטן זיך אַביסל צוגעפּלאָגט, נאָר אונדזערע קינדער וואָלטן מיר שוין פאַרזאָרגט — גוט פאַרזאָרגט!...

דער קאַפּיטאַן וואָס האָט עפּעס די גאַנצע צייט ווען דער אַלטער האָט גערעדט, געפּינטלט מיט די אויגן, אָט ווי עמיצער וואָלט אים גע־פּאַטשט איבערן פּנים, האָט אים עפּעס געוואָלט ענטפערן, נאָר דאָ האָט זיך ארייַנגעמישט דער מאַטראָז, דער שותּף; ער האָט זיך געדרייט אויף זיין זיץ־פּלאַץ, ווי ער וואָלט געזעסן אויף הייסע קוילן; ער האָט מיט ביטול און תּרעומות אַ זאָג געטאָן צום שותּף:

— וואָס האָסטו זיך געשטעלט אויסטענהן? דער טאָג שטייט ניט... היידאַ!

דער מאַטאָר האָט צוריק אָנגעהויבן רוישן. דער קאַפּיטאַן האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, זיך געזעגנט מיט אַלע אָן ווערטער. דער אויטאָ האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, אויפגעהויבן אַ וואָלקן שטויב און אַ נאַפט־ריח, האָט ער זיך שנעל אַוועקגעיאָגט, פאַרשוואונדן געוואָרן.

דאַן פעליפּע האָט אַ פרעג געטאָן דעם אַלטן:

— זיי קענען דיין זון?

דער אַלטער האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ניין, זיי קענען אים נישט. איך האָב מיט זיי גערעדט וועגן זייער אַרבעט. איך האָב זיי געזאָגט, אַז זיי זאָלן זיך נעמען צו אַ שענערער אַרבעט.

דאַן פעליפּע האָט נישט פאַרשטאַנען.

— האָסט קוראַזש, אַלטער! איך וואָלט דאָס זיי נישט געזאָגט. יע־דער טוט וואָס ער קאָן...

אַקילע האָט ערנסט, צום הימל קוקנדיק, אַרייַנגעוואָרפן אַ שפּריך־וואָרט.

— „דער קלוגער לעבט פון נאַר, דער נאַר לעבט פון זיין אַרבעט“...

זיי זיינען צוריק אַריין אין שטיבל. דאַן פעליפּע האָט זיך נישט גע־קענט זאַט אָנקוקן אויף זיין נייעם רעננמאַנטל. ער האָט מיט פרייד אַ זאָג געטאָן צום אַלטן:

— האסט מיר איינגעברענגט עטלעכע פאפירלעך. מיר וועלן היינט זיך אראפכאפן אין שטעטעלע אריין. מיר וועלן אויסטרינקען עטלעכע פלעשלעך ביר... גוט!

דאן פעליפע האט זיך גלייך אנגעהויבן גרייטן צו דער נסיעה אין שטעטל אריין. ער איז ארוים מיט א לאסע אין פעלד. אביסל שפעטער איז ער צוריקגעקומען רייטנדיק אף א נישט געזאטלט פערד, און מיט דער לאסע האט ער געפירט נאך צוויי פערד. אקילע איז געווען פארנו־מען מיטן פארגרייטן דעם מיטיק. ער האט זיך אף א ווײלע צוגעשארט צום אלטן אברהם און אים איינגערוימט א סוד.

— ס'וועט שוין היינט זיין פריילעך אין שטעטל. ווען דאן פעליפע פארט איז פריילעך... וועסט זען!..

באלד נאכמיטיק איז שוין דאן פעליפע געזעסן אף א ווייס פערדל. נאך צוויי פערד זיינען געשטאנען אנגעזאטלטע מיט די שעפסן־פעלן וואס ער האט אראפגענומען פון זיין געלעגער. ער האט שטרענג באפוילן.

— ארויפקריכן אף די פערד!

דער אלטער און דאן אקילע זיינען געשטאנען אפהענטיק. דער אל־טער האט נישט געוואלט פארן. אקילע האט אויך נישט געוואלט. דאן פעליפע איז געווארן אין כעס:

— פוטשא, פאלגט מיך בעסער... כ'וועל מאכן אף אייך א שחיטה!...

אקילע און דער אלטער האבן זיך איבערגעקוקט. זיי האבן זיך געפו־נען אין א שרעקלעכער פארלעגנהייט; דאן פעליפע האט אנגעהויבן ארומרייטן נעבן זיי. ער האט זיי קונציק געשטויסן מיט זיין פערדס הינטן. דער אלטער און אקילע האבן זיך צוזאמענגעשטויסן. ענדלעך האבן זיי זיך, נישט ניחהדיק, ארויפגעזעצט אף די פערד. דאן פעליפע האט זיך א ריס געטאן פונעם ארט, א פאטש געטאן דעם אלטנס פערד אין הינטן אריין. ער האט א הילכיקן פייף געטאן און די פערד האבן זיך א לאז געטאן מיט די רייטער אין א שנעלן גאלאפ.

לייכט האבן זיך געטראגן די פערד מיט די רייטער אפן שטעגעלע באם עק פעלד. דער הימל איבער זייערע קעפ האט געבלויט ווי א גרויסער ים וואס מען זעט פון גאר ווייט; די ערד, א פארפלייצטע מיט גאלדן ליכט, האט געשטילט פון האריזאנט צו האריזאנט, מיט רו און מנוחהדיקייט, זיך אפגערוט נאכן געבוירן א שפעדיק גערעטעניש. די לופט

האָט נעשמעקט מיט איינגעדאַרטע געוויקסן. ערגעץ האָט געהירזשעט אַ פערד. אַ מחנה פויגל האָבן זיך געיאָגט נידעריק איבער די פעלדער. פון גאָר וווייט האָט זיך שוין אָנגעהויבן דערנענטערן דאָס שטעטעלע, אַנט־קעגן געלאָפן די רייטער. באַלד האָט זיך שוין דייטלעך געזען די קאָמי־סאַריע פונעם שטעטל. אַפן שפּיץ האָט געפלאַטערט אַ פאָן. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט אַ ברייטער גאַס, אַ פאַרפלאַנצטע מיט הויכע עקאַליפּטוס - בוימער. זיי האָבן דורכגעיאָגט די גאַס אין דער גאַנצער לענג. אַלע הייזער זיינען נאָך געווען פאַרמאַכט. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען פאַרזונקען אינעם נאָכמיטיק־שלאָף, בלויז פון דער שולע האָט זיך דערטראָגן אַ געזאַנג פון קינדערשע שטימען. זיי זיינען צוגעריטן צום שענקל „פונעם גוטן גאַוטש". דאָס איז געווען אַ קליין שטיבעלע וואָס איז געשטאַנען אַף אַ ראָג פון דער גאַס, מיט דער פּלייצע צום שטעטל.

דאָס שטיבעלע איז עפּעס געשטאַנען אין דער הויך אַף אַ מגושמדיק הויכן שטיקל טראָטואַר. עס האָט אויסגעזען ווי דאָס שענקל זאָל שטיין אַף אַ באַרג; באַם עק טראָטואַר האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער קלאָץ, וואָס האָט אויסגעזען ווי די פאָרענטשעס פון אַ שיף. צום קלאָץ זיינען געווען אָנגעבונדן עטלעכע פערד. פון שענקל האָבן זיך דערטראָגן פריילעכע קולות און עפּעס טעמפּע קלעפּ.

דאָן פעליפּע איז דער ערשטער צוגעריטן צו דעם שענק. ער איז פלינק אַראָפּגעשפּרונגען אַפן טראָטואַר, צוגעבונדן זיין פערד צום סלופּ און געהאָלפן דעם אַלטן אברהם אַראָפּקריכן פון פערד. דער אַלטער האָט עפּעס פאַרשעמט געשמייכלט און זיך געווישט מיט דער האַנט־פלאַך דעם שווייס פונעם שטערן. אַקילע איז אַראָפּגעקראָכן דער לעצטער פונעם פערד מיט אַ קאַלט פּנים, אַ גלייכגילטיקער. דאָן פעליפּע האָט אָנגענומען דעם אַלטן באַם אָרעם און אים אַריינגעפירט אין שענק.

דורך דער אָפענער טיר האָט אַ שלאָג געטאָן אַ ריח פון זויערן וויין, ביר און רויך. עטלעכע גאַוטשן מיט ברייטע פּאַסן און נאָך ברייטערע הויזן, זיינען געזעסן באַ אַ גרויסן טיש און געשפּילט אין טרוקאָ. ליידיקע פלעשער פון ביר האָבן זיך געוואַלגערט אונטערן טיש און פולע, נאָך נישט געעפנטע פלעשער, זיינען געשטאַנען באַ זייערע פיס. אַן אָרעמער פונדיק מיט אַ נאַגאַיקע אין דער האַנט, האָט שיכור געדרימלט שטייענדיק באַם

בופעטל. דער באַלעבאָס, אַ ריזיקער איטאַליענער, מיט שוואַרצע באַקנ־בערד אין אַ ווייס העמדל מיט קורצע אַרבל, איז געשטאַנען ווי אַ סיבע־צער באַם טיש און אָנגעשטרענגט אַריינגעקוקט צו עמיצן אין די קאָרטן; אַז ער האָט דערזען די אַריינגעקומענע, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צום בופעט, אויסגעשטרעקט פון דאָרטן אַ ריזיקע האַנט און זיך דערפרייט מיט די אַריינגעקומענע:

— אָ, דאָן פעליפע...

דאָן פעליפע האָט פאָרגעשטעלט דעם אַלטן:

— אַ פריינט מיינער... אַ בראַווער מאַן — אַ בריהדיקער זקן.

דער איטאַליענער האָט אויסגעשטרעקט צום אַלטן די האַנט:

— ס'פרייט מיך אייך צו קענען... ס'פרייט מיך אייך צו דינען...

אַקילע האָט זיך אַוועקגעדרייט. ער האָט זיך מיט קיינעם נישט גע־גריסט. דאָן פעליפע איז צוגעגאַנגען צום טיש, זיך באַגריסט מיט די שפּי־לער. אַלע האָבן אים געוואָלט אָפּטרעטן זייערע פּלעצער, אים איינגע־לאַדן צום טיש. דאָן פעליפע האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער איז אַרויס אפן הויף. דאָרט איז געווען אַ שפּיל פּלאַץ פון הילצערנע קוילן. עטלעכע גאַוטשאָס האָבן געשפּילט, געוואָרפן די הילצערנע קוילן און זיך געווייקט אין שווייס. דאָן פעליפע האָט זיך אַוועקגעזעצט בא דער זייט, אינעם שאָטן פון אַ יונג בוימעלע. באַלד איז געקומען דער באַלעבאָס. ער האָט געשלעפּט אַ טישל און אַ פּאָר פלעשער ביר. דאָן פעליפע האָט אַ וואונק געטאָן צום אַלטן אברהם, ער זאָל זיך אַוועקזעצן נעבן אים. דער אַלטער האָט געפאָלגט. אַקילע האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן אַלטן. דער אַלטער אברהם איז געבליבן זיצן אינדערמיט. דאָן פעליפע האָט אַוועקגעשטופּט דאָס טישל ווי אַן אומנויטיקע זאַך. ער האָט מיט די ציין אַראָפּגענומען די בלעכענע דעקלעך פון דריי פלעשער ביר. ער האָט דעם אַלטן דער־לאַנגט אַ פלאַש, די צווייטע פלאַש האָט ער דערלאַנגט אַקילען. ער האָט אַ זופּ געטאָן פון זיין פלאַש, אַראָפּגעשלונגען און אַ געשריי געטאָן צום אַלטן:

— סאַלוט!

אַלע האָבן געטרונקען. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט דאָן פעליפע געעפנט פרישע דריי פלעשער. ער האָט אָנגעהויבן ווערן פון מינוט צו מינוט פריילעכער און ער האָט אָנגעהויבן קיבעצן די באַל־וואַרפער. ער האָט

פון זיי געחוזקט. איינעם, דאווקע דעם בעסטן שפּילער, האָט ער נישט צורו געלאָזן.

— היט זיך, בויג זיך ניט שטאַרק איין, וועסט זיך נאָך צעברעכן דעם חוט השדרה...

די שפּילער האָבן זיך געמאַכט ניט הערנדיק. עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט זיך אָנהויבן מיט דאָן פּעליפּען. איינער פון די שפּילערס האָט זיך דאָך נישט געקענט איינהאַלטן. ער האָט צוריקגעענטפערט מיט אַ פּאָר שטעכיקע ווערטער:

— דאָן פּעליפּע, טרינק נישט צופיל, ס'וועט זיך דיר פאַרדרייען דער קאָפּ... וואָלסט בעסער געטרונקען אביסל... ציגן־מילך...

דאָן פּעליפּע האָט זיך פון יענעמס ווערטער צעקייכט, געלאַכט מיט אַזאַ שטאַרק געלעכטער, אַז די באַנק אויף וועלכער ער איז געזעסן מיט זיינע צוויי באַגלייטער, האָט זיך אָנגעהויבן צו שאָקלען און שיר נישט איינגעבראָכן. דאָן פּעליפּעס אויגן האָבן זיך משונהדיק פאַרטרערט, ער האָט אָנגעשטעקט אַלע מיט זיין געלעכטער, אפילו די שפּילער האָבן אָנגעהויבן מיטלאַכן. ענדלעך איז געוואָרן אביסל שטיל. דאָן פּעליפּע האָט געענטפערט דעם שפּילער:

— דו האָסט מיר אַזוי קלוג געענטפערט, אַז איך האָב באַקומען שלשול? האָב אויף מיר רחמנות און שוויג. רעדסט נאָך אַ וואָרט, וועלן זיך מיר די גערערים צעציען פון געלעכטער. האָב רחמנות...

עס איז ווידער געוואָרן אַ שטאַרק געלעכטער, דער באַלעבאָס פון שענק איז אָנגעקומען. ער האָט געברענגט נאָך ביר.

דאָן פּעליפּע האָט איינגעלאַדן די שפּילער.

— קומט אַהער, אינגלעך, טינקט איין די צינגער...

זיי האָבן גערן אָנגענומען די איינלאַדונג. דאָן פּעליפּע האָט יעדן פון זיי דערלאַנגט אַ פולע פלאַש ביר. זיי האָבן צוגערוקט נאָך אַ באַנק. זיך אוועקגעזעצט אַנטקעגן דאָן פּעליפּען, ערשט איצט האָבן זיי דערזען דעם אַלטן אברהם. איינער האָט געזאָגט מיט פאַריבל:

— אָט, געקומען צו דיר אַ גאַסט. פּאַסט דיר נישט אים פאַרצושטעלן אונדז, עי?...

דאָן פּעליפּע האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אונטערן הוט:

— פּוטשאַ, פּאַרגעסן. מיין פריינט — אַ בראַווער זקן.

אלע האָבן געשטערעקט צו אברהמען די הענט.

דאַן פעליפּע האָט גענומען דערציילן, ווי אַזוי עטלעכע ענגלענדער האָבן אים היינט פאַרקויפט א רעגנמאַנטל. זיי האָבן פאַרלאַנגט א סך געלט. ער האָט שוין געוואָלט פאַר אים באַצאָלן זעכציק פּעזעס, נאָר דער אַלטער האָט זיך אריינגעמישט און אים געקויפט פאַר פינף און צוואַנציק פּעזעס.

איינער פון די שפּילער האָט זיך א פּאַטש געטאָן אין קאָפּ:

— קאַראַמבאַ! איך האָב ביי זיי געקויפט א רעגנמאַנטל פאַר פינף און פופציק פּעזעס...

דאַן פעליפּע האָט אים א פּאַטש געטאָן איבער די קניען:

— פּוטשאַ, די ענגלענדער האָבן דיך באַדאַסט...א רחמנות אויף דיר...

דער גאוטש האָט זיך אַנגעצונדן:

קאַראַמבאַ... ווען איך קען זיי נאָך פּאַקן... — ער האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט.

דאַן פעליפּע האָט אים צוריק אַוועקגעזעצט.

— ס'לוינט זיך נישט... וועסט שוין קיינעם נישט כאַפּן...

דער אַלטער אברהם האָט אריינגעוואָרפן עטלעכע ווערטער:

— מסתמא איז דיין מאַנטל בעסער פאַר דאַן פעליפּעס...

דער גאוטש האָט א נישט געטרייסטער געשאָקלט מיטן קאָפּ:

ס'קען נישט זיין — מען האָט מיך באַדאַסט... פּוטשאַ...

דאַן פעליפּע האָט בגנבה א וואונק געטאָן צום אַלטן מיט אן אויג. ער האָט פאַרשטאַנען אז דער אַלטער וויל טרייסטן דעם באַשווינדלטן. דער באַשווינדלטער איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן טרויעריקער און בייזער. ער האָט ארויסגעכאַפּט פון גאַרטל א לאַנג מעסער, געגלעט די שאַרף מיט די שפּיצן פינגער און געזאָגט:

— אָט, ווען איך כאַפּ זיי נאָר, כ'וואָלט זיי אָפּגעשניטן די קעפּ!..

דאַן פעליפּע האָט אים געשטופּט זיין פלאַש מיט ביר אין דער האַנט אריין און צוגעשטאַנען:

— טרינק, גיס אריין, וועסט פאַרגעסן אין די צרות...

דאַן פעליפּע האָט אָנגעהויבן ווייזן ווי אַזוי מען דאַרף טרינקען. ער האָט אויסגעטרונקען א פולע פלאַש מיט עטלעכע זיפּ. באַלד האָט ער באַפוילן דעם באַלעבאָס ער זאָל ברענגען עטלעכע איטאַליענישע טאָסקאַנאַ-

ציגארן. דער באַלעבאָס האָט געבראַכט אַ פּעקל ציגאַרן. דאַן פּעליפּע האָט דאָס באַלד צעטיילט צווישן אַלע אָנוועזנדיקע. אַלע האָבן פאַרויכערט. פאַרשוויצטע פּנימער האָבן זיך אָנגעהויבן קילן מיטן שטאַרקן ציגאַרן רויך. דער רויך האָט אָבער פאַרדרייט און פאַרשיכורט די אָנגעטרינקענע קעפּ. מען האָט אָנגעהויבן ריידן העכער. אפילו דער אַלטער אברהם האָט זיך אויפגעשטעלט אַ פריילעך געוואָרענער. ער האָט אָנגעהויבן אומשפּרייזן איבערן שפּיל־פּלאַץ. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ הילצערנעם באַל און אים אַ וואָרף געטאָן אינדערלופטן, ווי דאָס וואָלט געווען אַ גומענע פּילקע. אַקילע איז אויסגעוואַקסן נעבן אים. אויך ער איז שוין געווען אַ פריילעך־צעפּלאָמטער כמעט אַ שיכורער. ער האָט אָנגעכאַפּט דעם אַלטן באַם רעקל און געפרעגט מיט פאַרשיכורטע אויגן:

— זאָג: ביזט אַ ראַדיקאַל?

דער אַלטער אברהם האָט אים געגעבן אַ מאָדנעם ענטפער:

— אַן אָרימער בין איך...

אַקילע האָט זיך פּלוצלינג אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער פויסט אין דער ברוסט אַריין, און האָט זיך הויך צעשריגן:

— און איך בין אַ ראַדיקאַל. אַ ראַדיקאַל ביז צום טויט!...

דאַן פּעליפּע האָט זיך אויפגעשטעלט. ער איז צוגעגאַנגען צו אַקילען, אים אַריינגעקוקט טיף אין די אויגן אַריין און אים געזאָגט:

— און איך — איך בין נישט קיין ראַדיקאַל!.. האָסט מיר עפּעס צו זאָגן?

אַקילע איז אים געשפּרונגען אין די אויגן אַריין מיט שיכורער חוצפּה:

— באַ די וואַלן וועסטו שטימען פאַר די ראַדיקאַלן. דער געוויסן וועט זיך באַ דיר דערוועקן... איך בין זיכער.

עטלעכע גאַוטשן וואָס האָבן זיך אַרום זיי אַרומגעשטעלט אין אַ רעדל האָבן אויסהערנדיק אַקילעס ווערטער אָנגעהויבן פּאַטשן מיט די הענט. עטלעכע האָבן באַגייסטערט געשריגן:

— בראַוואָ... גוט געזאָגט... גוט געזאָגט, לאַנדסמאַן.

דאַן פּעליפּע האָט זיך אויסגעגלייכט, אַרומגענומען מיט אַ שפּאַטישן בליק אַלע אַרומשטייענדיקע, האָט ער געזאָגט צו אַקילען:

— ענטפער מיר, ווער זיינען דאָס די פירער פון דיין פּאַרטיי?

אקילע האָט פארשפּאָרט צו ענטפערן. די אַרומשטייענדיקע האָבן פאַר אים געענטפערט:

— דאָקטוירים, בלויז דאָקטוירים און פּראָפעסאָרן!

דאַן פּעליפּע האָט אַ שנעלן געשריי געטאָן:

— צום טייוול מיט זיי!.. פּוטשאַ, פארוואָס זאָלן אין קאָנגרעס נישט אַריין אַזעלכע מענטשן ווי מיר?... ווער דאַרף זיי האָבן די קעז־עסערס? וואָס טוען זיי פאַר אונדז? וואָלט נישט בעסער געווען אַז אַזעלכע מענטשן ווי מיר זאָלן זיצן אין רעגירונגס־הויז...

אקילע האָט זיך צעכיכיקעט פון דאַן פּעליפּעס ווערטער, אָבער דאָן פּעליפּע האָט זיך נישט געמאַכט הערנדיק און ווייטער גערעדט:

— די דאָקטוירים פארטיידיקן די אינטערעסן פון זייערע מענטשן! מיר דאַרפן האָבן אונדזערע מענטשן, וואָס זאָלן פאַרטיידיקן אונדזערע געשעפטן! איך וואָלט מסתמא אין פאַרלאַמענט בעסער געוואוסט, וואָס מיר פויערן דאַרפן... איך וואָלט געוואוסט!

אקילע האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר די גאַוטשן האָבן גענומען חוזק פון פּעליפּען:

— פּעליפּע, די צונג שאָקלט זיך דיר שוין... דו ווייסט שוין נישט וואָס דו רעדסט...

דאַן פּעליפּע איז געוואָרן בייז:

— באַסטאַ! גייט צום טייוול!.. מיט טיפּשים האָב איך פיינט צו ריידן!..

ער האָט זיך אויסגעדרייט צום גאַנצן עולם מיט דער פּלייצע. דערנאָך האָט ער כאַפּ געטאָן עטלעכע פלעשער און צוגעטראָגן זיי אין עק הויף. ער האָט זיי אויסגעשטעלט אין דער ברייט אויף דער ערד, איין פלאַש אַביסל אָפּגערוקט פון דער אַנדערער, דערנאָך איז ער אַ שווייגנדיקער צוריק אָפּגעטראָטן אויף אַ ווייטן מהלך, אַרויסגעכאַפּט אַ ריזיקן רעוואָלווער. וואָס איז בא אים געווען קונציק באַהאַלטן אינעם ברייטן מאַנטל; אַלע האָבן זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט. דאַן פּעליפּע האָט אויסגעשאָסן. עס האָט אַ הילכיקער קנאַל געטאָן, אַ פלאַש איז צעשפּרונגען געוואָרן, באַלד האָט ער אָנגעהויבן שיסן שנעל, איין שאָס נאָכן אַנדערן, ביז אַלע פלעשער זיינען שוין געווען צעשאָסן. דאַן פּעליפּע האָט מיט אַ וואונק עפּעס באַפוילן אקילען און אקילע האָט אים פאַרשטאַנען. ער האָט

אויפגעהויבן פון דער ערד עטלעכע פלעשער און איז מיט זיי געלאָפן צום אָרט, וואו עס זיינען געלעגן די צעבראָכענע פלעשער, זיי אויסשטעלן. דאָן פעליפע האָט דערוויייל אָנגעלאָדן דעם רעוואָלווער. ער האָט געהאַט אַ פולע קעשענע מיט קוילן. דער באַלעבאָס איז צוגעלאָפן צו דאָן פעליפען. ער האָט זיך אָנגעהויבן בעטן:

— שיס ניט מער. דער קאָמיסאַר וועט באַלד אָנקומען...

דאָן פעליפע האָט אים אָפּגעשטופּט פון זיך:

— זאָל ער קומען... איך וועל זיך שוין מיט אים פאַרגלייכן...

ער האָט אויסגעשאָסן נאָך עטלעכע מאָל, נאָר ער האָט שוין אַזוי נישט געטראָפן אין ציל. די שאָסן האָבן אויפגערודערט דאָס שטעטל. אַלע הינט אין שטעטל האָבן זיך מיטאַמאָל צעבילט. עס איז געוואָרן אַ טומל. דער קאָמיסאַר איז אָנגעקומען. ער איז געקומען צו רייטן אויף אַ פערד. ער איז געווען אַ גראָב פעטלדיקער פאַרשוין מיט אַ פּאָר געלע שטיוול. ער איז צוגעגאַנגען צו דאָן פעליפע און האָט געוואָרנט:

— הער אויף שיסן, ס'איז נישט דערלויבט!..

דאָן פעליפע האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. ער האָט אויסגעשאָסן די לעצטע קויל און האָט נאָכאַמאָל אָנגעהויבן אָנלאָדן דעם רעוואָלווער. דער קאָמיסאַר האָט זיך שוין אָנגעהויבן בעטן:

— הער אויף שיסן... דו קאָמפּראָמעטירסט מיך פאַר די שכנים... גיי, שיס באַ דיר אינדערהיים...

דאָן פעליפע האָט אים אַריינגעלאַכט אין פּנים:

— קאָמיסאַר ליבער, טרעט אָפּ אין אַ זייט; די האַנט קען זיך מיר אַ שאָקל טאָן, אַז ס'זאָל דיר אַריין אַ קויל אין הינטן... ס'וועט ניט זיין מיין שולד...

אַלע האָבן זיך צעלאַכט. דער קאָמיסאַר האָט מיטגעלאַכט. ער האָט נאָך אַמאָל געפּרואווט בעטן דאָן פעליפען ער זאָל אויפהערן שיסן, דאָן פעליפע האָט געזאָגט מיט אַ פיגצטער פּנים:

— ווער אויס קאָמיסאַר וועל איך דיך פאָלגן... שעמסט זיך נישט זיין אַ קאָמיסאַר?

דער קאָמיסאַר האָט זיך שוין באַליידיקט:

— בוענאָ, וועסט אַמאָל דאַרפן מיינס אַ טובה... בוענאָ... גוט!

ער איז אַוועק אַ ברוגזער. די גאַוטשעס האָבן באַוואונדערט דאָן פע־

ליפען. זיי איז געפעלן זיין מוט, זיינע שטעכיקע רייד צום קאָמיסאַר; זיי האָבן אים אָנגעהויבן ליבן מיט חניפה. דאָן פעליפע האָט זיך צעשמייכלט. ער האָט יעדן מכבד געווען מיטן רעוואָלווער, יעדער זאָל געבן א שאָס. אפילו דער אַלטער אברהם האָט געמוזט עטלעכע מאָל אויסשיסן. דער איינציקער וואָס האָט נישט געשאָסן איז געווען אַקילע. ער האָט זיך צוריק שנעל אויסגעניכטערט און איז געשטאַנען א טרויעריקער בא דער זייט.

עס האָט אָנגעהויבן נאַכט ווערן. דאָן פעליפע האָט שוין געהאט צעשאָסן אַלע פלעשער און אויסגעשאָסן אַלע קוילן. ער האָט אָנגעהויבן הויך צו זינגען. ער האָט פּרובירט שיסן מיטן ליידיקן רעוואָלווער און געבעטן מען זאָל אים ברענגען קוילן. קיינער האָט אים נישט געבראַכט, איז ער געוואָרן טרויעריק. די גאַוטשעס זיינען זיך איינציקווייז צעגאַנגען. דער אַלטער אברהם האָט געדרימלט א זיצנדיקער אױף א באַנק. דאָן פעליפע האָט געקוקט צום הימל מיט שיכורע אויגן. ער האָט געזען אויפלייכטן די שטערן. די נאַכט האָט זיך אָנגערוקט. ער האָט אָנגעהויבן שלוקערצן. באַלד האָט ער זיך אויפגעשטעלט, ער האָט זיך באַרעכנט מיטן באַלעבאָס. ער האָט א וואונק געטאָן צום אַלטן אידן און צו אַקילען זיי זאָלן אים נאָכגיין. זיי האָבן אָפּגעבונדן די פערד. דעם אַלטן אברהם איז עפּעס איצט צו שווער געווען ארויפצוקריכן אױפן פערד. דאָן פעליפע האָט אים כמעט ארויפגעזעצט און דערנאָך האָבן זיי זיך דורכן פינצטערן שטעטל געלאָזט אהיים.

זיי זיינען געריטן שווייגנדיק לאַנגזאַם אין דער נאַכט. באַם שיין פון די שטערן האָט פון די פעלדער געווייעט מיט אַן אומעטיקער וויסטקייט. דער אומעט האָט געהילכט אין די פערדישע טריט, אינעם געמיט פון די רייטער. דעם אַלטן אברהם האָט זיך אַלע ווײַלע אויסגעוויזן אַז ער בלייבט הינטערשטעליק, אַז זיינע באַגלייטער ווילן אים איבערלאָזן אױפן פוסטן וועג אין דער וויסטער נאַכט. שרעקלעכע געדאַנקען האָבן אים געפייניקט. אפשר האָט ער גאָרנישט באַדאַרפט אַנטלויפן פון זיין זון?.. ס'האָט זיך נישט געלוינט, ווײַל ווי לאַנג נאָך וועט ער נאָך כוח האָבן צו שלעפּן זיך אױף די אַלטע פיס!..

ווען זיי זיינען אהיים געקומען, האָט דאָן פעליפע זיך א שווייגנדיקער א וואָרף געטאָן אױף זיין געלעגער. דער אַלטער אברהם האָט זיך שטיל

געפרובירט א ראנגל טאָן מיט אקילען. ער האָט געוואָלט שלאָפן אף דער ערד. ער האָט נישט אויסגעפירט. אקילע האָט זיך אין די קליידער א וואָרף געטאָן אף דער ערד, נעבן דער טיר.

אף צומאָרגנס זיינען אלע אויפגעשטאנען אביסל שפעטלעך. אויפגעשטאנען זיינען אלע שווייגנדיקע, מיט אזעלכע שווערע קעפ. א גאנצן פרימאָרגן האָט קיינער מיט קיינעם כמעט קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. דער אלטער אברהם האָט זיך ארומגעדרייט פארן שטיבל אזא איבעריק פארלוירענער. ער האָט געקוקט צום זאק, וואָס איז געלעגן אפן וואָגן. ער האָט באקומען א חשק אים צו נעמען אף די פלייצעס און זיך ווייטער לאָזן אין וועג אריין.

דאָן פעליפע האָט עפעס ווי א ברוגזער, מיט א פינצטער פנים, זיך ארומגעדרייט אין שטיבל. באטראכט אָן אויפהער דעם ניי געקויפטן רעגנמאנטל, אים אָנגעמאָסטן און אים פלוצים א וואָרף געטאָן פון זיך ווי אָן איבעריקע זאך. מיטאמאָל איז אָנגעקומען אקילע. ער האָט א זאָג געטאָן:

— די חזירים האָבן שוין באלד נישט וואָס צו עסן. מירן הרגענען דעם „ברוינעם״?

דאָן פעליפע איז מיטאמאָל אויפגעלעבטער געוואָרן. ער האָט א רוף געטאָן דעם אלטן אברהם:

— קום, אויב דו ווילסט, וועסטו צוהעלפן. מירן שעכטן אָן אלט פערד וואָס טויג שוין צו גאָרנישט. עסט אומזיסט... קום, וועסט העלפן...

דער אלטער האָט זיך כמעט נישט איינגעהערט וואָס מען האָט צו אים געזאָגט. ער איז דאָן פעליפען נאָכגעגאנגען א שווייגנדיקער איבערן פעלד. אפן וועג איז דאָן פעליפע צוריק באריידעוודיק געוואָרן. ער האָט דעם אלטן דערציילט, אז אים זיינען פארבליבן א פאָר אלטע אויסגעאָרבעטע פערד, וואָס האָבן שוין נישט געטויגט צו גאָרנישט. האָט ער זיי געשאָכטן און מיט זייער פלייש געפאשעט די חזירים. איצט איז אים נאָך פארבליבן איין אלט פערד.

דער אלטער האָט זיך איינגעהערט און גאָרנישט געענטפערט. פונדערווייטן האָט ער שוין געזען דאָס פערד וואָס מען האָט געזאָלט שעכטן. דאָס איז געווען א ברוין, גרויס און דאַר פערד, נאָר מיט א פאָר גרויסע גראָבע פיס. די קלאָען זיינען אים געווען באוואקסן מיט גרויסע פאסמעס האָר. דאָס פערד האָט דערזען אָנקומען די מענטשן, האָט עס אויסגעדרייט

דען ברוינעם קאפּ, געקוקט מיט אזעלכע גרויסע, גוטע און שכלדיקע אויגן. דעם אַלטן אברהם האָט פאַרקלעמט באַם האַרצן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אָט דאָס אַלטע אויסגעהאַרעוועטע פערד, האָט דאָס אַלע שווערע משאות פון דער וועלט איבערגעטראָגן... אַלע פעלדער אויפגע־אַקערט און פאַרבראַנעוועט... אָט די אויסגעריבענע קלאָען האָבן אַלע וועגן פון דער וועלט אויסגעטראָטן. און איצט — איצט, ווען עס איז שוין אַלט, גיים מען עס דערהרגענען. שוין זשע האָט אַ לעבעדיק באַשעפעניש, וואָס האָט זיך אַזוי פיל אָנגעאַרבעט, נישט דאָס רעכט לעבן אַביסל, ווען עס קען שוין נישט אַרבעטן, האַ?

דער אַלטער אברהם גיט מיטאַמאָל אַ לויף צו צום פערד. ער גיט עס אַ צאַרטן גלעט איבערן האַלדז, גלעט אים דעם שטערן צווישן די אויערן. דאָס פערד, וואָס האָט שוין געזען דעם סוף פון זיינע אַלטע חברים, — דאָס פערד, וואָס האָט שוין געפילט דעם אָטעם פון טויט — דערפילט איצט, פּלוצלינג, אַ רחמנותדיקע האַנט אויף זיך. שטרעקט עס אויס די מאָרדע צום אַלטן אברהמס הענט, ווי צו אַ דערלייזער. דער אַל־טער אברהם גיט זיך אַ שטעל אַוועק פאַרן פערד און ער זאָגט צו דאָן פע־ליפּען, מיט אַ ציטערדיק בעטנדיק קול:

— זון מיינער... הרגע נישט דאָס באַשעפעניש... פאַרקויף עס מיר... איך וועל דיר דערפאַר געבן אַ גוטע זאַך...

דאָן פעליפּע צעעפנט די אויגן, ווי ער וואָלט פאַר זיך דערזען אַ משונהדיקע זאַך:

— אָבער זיידעלע, דאָס פערד וועט דיר צו גאָרנישט נוצן, עס קען נאָר נוצן פאַר די חזירים!..

דער אַלטער אברהם האַלט מיט איין האַנט דאָס פערד באַ דער גריווע און מיט דער אַנדערער האַנט כאַפּט ער אָן דאָן פעליפּען:

— גיב מיר דאָס פערד. די חזירים וועלן נישט אויסגיין פאַר הונ־גער. גיב מיר, זון... איך וועל דיר שוין מער ניט באַלעסטיקן. איך לאָז מיך שוין אין וועג אַריין.

— דאָן פעליפּע צענעמט מאַכטלאָז די הענט:

— גוט, ווילסט דאָס — גיב איך דאָס דיר.

אַלע קערן זיך אום אויף צוריק. אַקילע באַקוקט עפּעס דעם אַלטן, ווי ער וואָלט געווען אַ מאָדנע באַשעפעניש. דער אַלטער פירט דאָס פערד באַ דער

גריווע און זיין פנים שיינט. ווען ער קומט צו צו דער שטוב לאָזט ער אַ ווײַלע איבער דאָס פערד און לויפט נעמען זיין זאַק. באַלד קומט ער צו־ריק מיטן זאַק אַף די פּלייצעס און מיט עפּעס אַ זאַך אין דער האַנט. ער האַלט אַ קלאָר־ווייס, זיידן האַלדז־טיכל — זיין שבתדיק טיכל. ער וויל עס שענקען דאָן פעליפּען. דאָן פעליפּע וויל עס נישט נעמען. ניין, ער באַדאַרף נישט קיין זיידן טיכל. גוט. דער אַלטער שטרעקט זיי אויס די האַנט, ער געזעגנט זיך:

— זייט געזונט, גוטע מענטשן... איצט האָב איך שוין אַ באַגלייטער, וועל איך זיך לאָזן אין וועג אַריין... איך גיי שפּאַצירן...

דאָן פעליפּעס אויגן ווערן אַביסל פייכטלעך. ער איז גערירט פון אָט דעם טייערן אַלטיטשקן; ער וואָלט אַף אַן אמת וועלן, אַז ער זאָל מיט אים אַף שטענדיק פאַרבלייבן. דער אַלטער וויל נישט. גוט. דאָן פעליפּע טוט אָן דעם פערד אַ שטריקל אַפן האַלדז, דער אַלטער זאָל עס קענען פירן. ער וויל אַרויפבינדן דעם זאַק אַפן פערדס רוקן, נאָר דער אַלטער אברהם לאָזט נישט. ער וועט דאָס אַליין טראָגן. דער אַלטער פיבערט, ער וויל זיך שוין וואָס שנעלער לאָזן אין וועג אַריין. ער געזעגנט זיך מיט דאָן פעליפּען, מיט אַקילען. זיי דריקן זיך די הענט, פּאַטשן זיך אין די פּלייצעס:

— זיי געזונט, אַלטער, פאַרגעס נישט וואו עס וואוינט פעליפּע... ווען דו וועסט נאָר וועלן, איז דאָס דיין שטוב... אַדיאָס... אַדיאָ....

דער אַלטער גלעט נאָך דעם לעצטן מאָל דאָן פעליפּעס האַנט. ער בויגט נידעריק דעם אַלטן גרוי־בלאָנדן קאָפּ:

— זייט גליקלעך... אַדיאָס...

זיי באַגלייטן אים נאָך ביז צו דער גרעניץ פון פעלד. דער אַלטער פירט דאָס פערד באַם שטריקל און דאָס פערד גייט אים נאָך מיט געהאָרכ־זאַמע טריט. באַם עק פעלד, דאָרט וואו עס ציט זיך אַ וועג, אַ שמאָלער לאַנגער וועג, בלייבן שטיין דאָן פעליפּע און אַקילע. זיי גריסן נאָך פון ווייטן דעם אַלטן מיט אויפגעהויבענע הענט. זיי שרייען:

— „אַ—די—אָ, אַ־די־אָ...“

און ווען דער אַלטער איז שוין גאָר ווייט פון זיי, ער און דאָס פערד ווערן וואָס אַמאָל קלענער, שפּאַרט זיך דאָן פעליפּע אָן אין דער דראָטן פאַרצוימונג פון זיין פעלד און ער זאָגט מיט פאַרטראַכטע אויגן קוקנדיק

אין דער זייט וואו דער אלטער איז פארשוואונדן צוזאמען מיטן אלטן פערד:

— פוטשא, עס ווייזט אוים ווי א ליגן, אז אזא גוטער מענטש, זאל זיך געפינען אף דער וועלט... אף דער שלעכטער וועלט...

און דער אלטער מיטן אלטן פערד גייען לאנגזאם איבערן וויסטן וועג. זיי שפאצירן אף א וואונדערלעכן שפאציר. דער אלטער שמייכלט, ער איז פרייליך; ער ברומט א פריילעכן ניגון און דאס פערד גייט מיט אים אין איין רייע בא זיין רעכטער האנט, שטעקט אים די ווארעמע מארדע אין אויער, אטעמט אים אריין מיט די ברייטע נאזלעכער דעם ווארעם פערדישן אטעם אין פנים אריין, צעהירזשעט זיך מיט פערדישער פרייד, אט, פונקט ווי א יונג פערדל.

דער וועג ווערט וואס אמאל ברייטער, גערוימער. די לופט שמעקט און איבער זייערע קעפ לויכט העל ליכטיק די זון—לויכט איצט ווי טויזנט זונען מיטאמאל...



# כּוּאַניטאַ

.1

דאָן היפּאָליטאָ לאַנטעוויטש האָט געהאַט אַ שרעקלעך פאַרשטערטע נאַכט. שולדיק איז אָן ספק געווען זיין ווייב, דאָניאַ עלווירא. זי האָט נישט פיינט צו עסן „פּאַסקודנע זאַכן״, האָט דאָס זייער קינד, דעם קליינעם פּעדריטאָ, פאַרשאַדט, און דעריבער האָט ער אַ גאַנצע נאַכט געגוואַלדעוועט, נישט געלאָזן „קיינעם צומאַכן אַן אויג״. דאָן היפּאָליטאָ האָט דאָס געמוזט וויגן, באַרואיקן, געהוידעט דאָס זייער צאַרט, און ווען ער איז געוואָרן בייז, האָט ער זיך צעזונגען מיט אַן אָקסן קול, ביז דאָס געדולד האָט אים געפּלאַצט און ערהאָטגענומען פּאַטשן אַ בייזער אין די קישנס און געשריגן:

— שלאָף, דו הונט, דו, שלאָף! איך וועל דיך באַלד צעבראָקן...

נאָר אַז דאָס מיטל העלפט אויך נישט, צעקריגט ער זיך מיטן ווייב און וואָרטשעט, אַז זי וויל אים אומברענגען, האָט נישט אַף אים כאָטש אַ ברעקעלע רחמנות, פּייניקט אים, און זי? — כאָטש רייד צו אַ קלאָץ, די גאַל אויסצושפּייען...

אַז ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, נאָר וואָס שוואַרצע שויבן ווערן בלאָס, דעמאָלט וואָלט ער שוין יאָ געקענט כאַפּן אַ דרימל. נאָר דאָס האַרץ לאָזט נישט. דערצו איז ער נאָך שטאַרק דענערווירט, ווייל דאָס ווייב ליגט מיטן פּנים צו דער וואַנט, זי איז אַנטשלאָפן געוואָרן אַ ברוגזע, מיט אַן אויסגעשמירט פּנים פון טרערן און טיף אין איר טליעט נאָך אַ שוואַרצע קללה:

— פאַרוואָס האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ כאָלערע, פאַרוואָס? פּגרן זאָל ער!..

דאָן היפּאָליטאַ האָט נישט געהערט, און ממילא האָט אים נישט געשאַדט, אָבער חרטה האָט ער געהאַט: ער האָט זיך געפילט שולדיק, און עס האָט געפעלט בסך הכל אַ האָר אַז ער זאָל זיך צעוויינען, נאָר ער האַלט זיך אָפּ פון טאָן אַ משוגענע זאַך. מורא געהאַט איבערצעוועקן דאָס קינד, דאָס ווייב און סיי ווי סיי וואָלט ער זיך נאָכדעם אויסגעריכט אַ פינצטערן סוף.

נעמט ער זיך שטיל אַנטאָן, דערנאָך שאַרט ער זיך צום בעט, שטאַרט זיך אָן אין מעשענעם ראַנד, טענהט ער שטיל ווי א תפילה, אז זי זאָל נישט זיין בייז, זיך נישט נעמען צום האַרצן פון דעם וואס ער פּלאַפּלט. ער האָט נאַרגישט געמיינט, זאָל זיך איר דאַכטן, אַז אַ הונט האָט געבילט, זי ווייסט דאָך אַז ער איז אביסעלע נערוועאיש, אַ קליין ביסעלע משוגע... און ער שווערט זיך אַז מער וועלן שוין אַזעלכע זאַכן נישט פּאַרקומען, נאָר דערוויילע דאַרף זי פאַרשטיין אַז ס'איז נישט קיין פּלאַן זיך צו מאַטערן מיטן קינד, זאָל זי אויסזוכן אַ שיקסל אָדער עמיצן אַנדערש, וואָס זאָל היטן דאָס קינד. נישקשה, ער מעג זיך פאַרגינען, ווייל דאָס עסן וואָס זי וואַרפט אַרויס אַלע טאָג אינעם מיסט, וואָלטן זיך אַ סך מענטשן גע־וואונטשן צו עסן... און אַז זי וועט ניט קריגן פאַרן בלויזן עסן, מעג זי געבן געלט אויך, צען פּעזעס אַ מאָנאַט וועט ער זיך לאָזן קאָסטן, און זיי וועלן זיך פאַרשפּאָרן צו זידלען און קריגן. ער פרעגט:

— איאָ איך בין גערעכט? איאָ איך בין אַ קליין ביסעלע משוגע? איאָ ס'איז אמת וואס איך זאָג? איאָ...

ער וואָלט ווייטער גערעדט, נאָר באַלד דערשרעקט ער זיך. דאָס האָט דער זייגער אויסגעצימבלט זעקס מאָל. איצט מוז ער שוין אַוועק אין פּאַבריק, וואו זיינע מענטשן שטעלן זיך שוין צו דער אַרבעט און בעטן מסתמא באַ גאָט, אַז ער זאָל נישט דערלעבן צו קומען... בכדי מען זאָל אים קענען אַרויסגנבענען די אויגן פון קאָפּ...

מיט האַרץ קלעמעניש שאַרט ער זיך אַוועק פון בעט און דערדריקט אין זיך אַזאַ פאַרלאַנג, אַזאַ „כ'וויים אַליין נישט וואָס". דערזעט ער אַז דאָס ווייב ליגט אַ קליין ביסעלע אָפּגעדעקט, כמעט אַף אַ האָר נישט מער ווי ער האָט ליב, נאָר איצט ווען ער גייט אַוועק, וויל ער איר אַזוי נישט לאָזן. עפּעס באַ אים אין קאָפּ פרעגט זיך אַפילו: „וואָס אַרט דיך אַז זי ליגט אַ קאָפּעטשקע אָפּגעדעקט?" נאָר ער ענטפערט אָפּ: „זי קאָן זיך פאַרקילן". צעלאַכט זיך דער עפּעס: „אָבער היינט איז דאָך זומער!.." פאַר־יאָגט ער דאָס פון זיך, און טוט וואָס אים ווילט זיך. מיט ציטערדיקע פינגער נעמט ער אָן די טולענע קאָלדרע, רוקט זי פאַרזיכטיק, לאַנגזאַם, נאָך אביסעלע, איז זי שוין פאַרדעקט, אָבער זי, מקלומרשט אַ פאַרשלאָ־פענע, ניט אַ דריגע מיטן פוס און בלייבט ווייטער ליגן אָן אָפּגעדעקטע.

אַף אַזאַ מפלה האָט ער זיך נישט גערעכט. פאַר שרעק און איבער־

ראשונג, האָט ער אַף איין רגע אויפגעהערט אָטעמען, נאָר באַלד קומט ער צו זיך, ער מאַכט אַ מינע ווי עס וואָלט אים גאָרנישט געאַרט, און וואַרפנדיק אַ לעצטן בליק אַפן ווייב, ווילט זיך אים איצט ווי אַלעמאָל איר געבן אַ קוש אין פּוס, אינעם זעלבן פּוס וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קאָלדרע. אָבער ער טוט נישט אַזוי. ער טאָר אַזוי נישט טאָן, עפּעס איז ער איצט זיכער, אַז ווען ער זאָל זיך נאָכגעבן די שמד, וואָלט איצט פּאַסירט אַ אומאַנגענעמע זאַך, פּראָסט גערעדט: אָט־אָ דאָס געטאָקטע פּיסל וואָלט אים אַ קאָפּע געטאָן אין מויל, דריי ציין וואָלט ער אויסגעשפּיגן...

שאַרט ער זיך מיט ליפּן ברענעניש צו דער טיר און זאָגט זייער גלייכגילטיק:

— זאָלסט נישט פאַרגעסן וואָס איך האָב דיר אָנגעזאָגט, זאָלסט צונעמען אַ שיקסל... אָן אמתדיק שיקסל, אַ גוטן טאָג!

דאָניאַ עלווירא הערט נישט וואָס דער מאַן זאָגט, דערפאַר אָבער האָט זי געהערט וואָס „ער" האָט געשעפּטשעט: דער זעלבער „ער", וואָס קיינער אויסער איר, ווייסט נישט ווער דאָס איז, — אפילו איר פאַרשטאָרבענע מוטער האָט אויך נישט געוואוסט... און זי שטייט מיט „אים" בײַ אַ טויער וואָס אַף אַ פינצטערע נאַס, זי איז אָנגעלענט אָן דער וואַנט, ער שטייט אנגעשפּאַרט אָן איר און מורמלט אָן אויפהער: „אַז זי איז די נשמה פון זיין נשמה, דאָס ליכט פון זיינע אויגן, די שיין פון זיינע נעכט... ער איז גרייט צוליב איר צו גיין אין טורמע, דערהרגענען אַ טוץ מענטשן. זיך אַליין איז ער אַף איר באַפעל גרייט צו דערמאָרדן! און אויב עס איז איר נישט געגוג, דעמאָלט מעג זי זאָגן, אדרבא זאָל זי ריידן, פאַרוואָס שווייגט זי?.."

פאָלגט זי און צעטענהט זיך: „זי גלויבט אים וואָס ער זאָגט. אָבער זי וויל נישט, אַז ער זאָל וועמען דערהרגענען, אפילו זיך אויך נישט. זי וויל נאָר אַז ער זאָל נישט זיין אַזוי אומרואיק, זיך אויפפירן לייטישער, עס איז נישט שיין, זי שעמט זיך"...

צאַפּלט זי זיך, און בעט מיט געוויין. — „האָב רחמנות טייערער... טו אַ טובה... לאָז אָפּ... וואָס ווילסטו פון מיר? באַרואיק זיך..."

זי שטופּט אים פון זיך, פאַרקריצט ער די ציין.

— „ס'מאַכט נישט, ס'איז גאָרנישט... גאָרנישט!"

ווערט זי באמת פארצווייפלט.

— „אבער וואס טוט זיך מיט דיר? וואס טוסטו? א ניין... ניין... לאז אפ... שעם זיך... אט גייט א מענטש... דארטן גייט א מענטש!"

— „נישט מיין עסק... זאל ער גיין צום טייוול... שווייג!"

בא דעם ווארט האט זיך דער חלום פארענדיקט. זי עפנט נישט זיכער די אויגן, בלייבט א מינוט אזוי משונהדיק צעטומלט, נאר באלד איז זי צו זיך געקומען, זי וואונדערט זיך וואס זי איז אפגעדעקט און דאך איז זי צעווייקט פון שוויים. דערהערט זי ווי דאס קינד וועקט זיך מיט א געוויין. ווישט זי די טרערן פון די אויגן, די זעלבע טרערן וואס האבן זיך אנגעזאמלט אין שלעכטן חלום, זי ווערט מאמענטאל פריילעך, שפרינגט אראפ פונעם בעט, נעמט צו זיך דאס קינד, בארואיקט דאס מיט הייסע, צארטע קושן...

יאמערט דאס קינד, צאפלט זיך, און זי קען דאס נישט אזוי שנעל בארואיקן. זי דערפילט צום קינד א שטארקן רחמנות, זי מאטערט זיך צו טרעפן וואס אזעלכעס האט דעם פאסירט, און זי דערגייט די סיבה —אויך דאס קינד האט נעבעך געהאט א ביטערן חלום,—וואס פינקטלעך, דאס ווייסט זי נישט, און וועט זיך קיינמאל נישט דערוויסן...

ווארט זי אומגעדולדיק מיט אנגסט, אז אט שוין, זאל עס ווערן פריי־לעך, א שמייכל זאל זיך ווייזן אף זיינע ליפעלעך. זי שטופט אים דעם ברוסט־ווארצל אין מויל. דערנאך גייט זי מיטן קינד ארום אין הויפל, בייגט צו זיין קעפעלע צום איינציקן בלומען טאפ וואס איז פאראן, נאר דאס קינד ווערט נאך מער נערוועאיש, ער כאפט אן מיט זיינע קליינע הענטלעך א גרין בלעטעלע, גיט דאס אומגעלומפערט א פליק אפ, און ווארפט דאס א ווייַנענדיקער אוועק.

די מאמע ווערט נישט איבעראשט, זי לויפט מיט אים שנעל אוועק אין עק הויפל. דארט, נעבן א רער, וואס ציט זיך פון קראן, איז אנגע־בונדן בא א פיסל א ווייסע הון, און זי ווייזט אים ווי זי רעדט צום הינדעלע:

— טשיפ, טשיפ, זעסט א הינדעלע? א ווייס הינדעלע... אט וועל איך דיר ווייזן ווי אזוי א הינדעלע פליט...

גיט זי דאס א יאג, דערשרעקט זיך דאס הינדל, קוואקעט און פאכעט מוראדיק מיט די פליגל.

דאָס האָט געהאָלפן, דאָס קינד האָט זיך שנעל בארואיקט, פארגאַפּעט זיך, נאָר די הון קוואָקעט נאָך מיט מורא: זי מיינט אז עס האָט געשלאָגן די לעצטע מינוט.

דאָניא עלווירא פרייט זיך, זי דערפילט א ליבשאַפט צו דער הון, און עס פעלט נישט קיין סך זי זאָל א נדר טאָן, אז זי זאָל דער הון נישט שעכטן... נאָר זי טוט נישט אזוי, זי דערמאָנט זיך אז עס דאַרף שוין זיין שפּעט און דאָ דרייט זי זיך ארום „ווי א משוגענע אין איין העמד", גייט זי צוריק אין צימער זוכן די קליידער.

שפּעטער אביסל, קלאַפּט ווער אין טויער. דער מילך־הענדלער איז געקומען. אָן א פארוואָס נעמט זי אים מאכן פארוואורפן, אז בעסער וואָלט געוועזן ווען ער קומט נישט, זי וויל נישט מען זאָל איר ברענגען די מילך אזוי שפּעט!

פאַרענטפערט ער זיך: ער איז שוין היינט איינמאָל געווען, אָבער דער טויער איז געווען פארשלאָסן, האָט ער פארשטאַנען אז מען שלאָפט נאָך... — קוקט ער אַף איר מיט תאווהדיקע אויגן.

אביסל שפּעטער איז שוין דאָניא עלווירא געווען פארנומען מיטן קצבם שיק אינגל. ער ברענגט ווי געוויינטלעך א פארבלוטיקט פּעקל פלייש, צו אים האָט זי שוין נישט קיין טענות, זי רעווידירט נישט, ביי־זערט זיך נישט אז מען האָט איר נישט געשיקט קיין פלייש נאָר פּעטס...

היינט האָט זי אזוי נישט געזאָגט, היינט איז זי עפּעס א גוטע, און באַם אוועקגיין פרעגט זי: פארוואָס ער האָט אזעלכע שמוציקע פיס, און צי ער האָט א מאַמע...

דאָס שיק־אינגל שמייכלט פארשעמט. — יאָ, ער האָט א מאַמע. אודאי האָט ער...

ער איז אוועק שאַרכנדיק מיט די באָרוועסע פיס. און דאָניע עלווי־ראַ איז אוועק אין קיך, נאָר באַלד האָט זי ווייטער געמוזט עפענען די טיר, עמיצער האָט שטיל געקלאַפּט. דאָס קלאַפּן קומט איר פּאָר זייער באַקאַנט, זי מיינט אז דאָס איז דער מאַן, זי טראַכט, אז ער איז איר געקומען איבערבעטן, נאָר באַלד האָט זי זיך אַנטוישט, דאָס איז גאָר די וועשן.

מאַכט זי אזא קאַלט גלייכגילטיקע מינע, און די וועשן טראָגט איר אנטקעגן א שקלאַפּישן גוט מאָרגן צוזאמען מיט א שווערן קויש וועש,

וואָס זי טראָגט אפֿן קאָפּ. זי שטעלט דאָס אראָפּ אױף דער ערד און בלײבט שטײן שװער אָטעמדיק, א בלאַסע מיט צעשױבערטע האָר.

דאַניא עלװירא װערט צוריק בײז. זי נעמט שטרענג אונטערזוכן די װעש. זי באמערקט, אז אירע העמדער זײנען צו שטײף און דעם מאַנס קעלנער צו װײך. זי איז גענױט צו זאָגן, אז זי, די װעשן איז שױן נישט קײן יונגע. ס'איז שױן צײט אז זי זאָל קענען אױסװאַשן אביסל װעש. ערן װאָרט, שױן צײט...

פאַרשעמט זיך די פרױ. זי שאָקלט מיטן קאָפּ, אז זי איז מסכים. אז דאַניא עלװירא איז גערעכט. פאַר אױפרעגונג קעמט זי מיט די פינגער אירע אמאָל שװאַרצע און איצט גראָע האָר, זי קוקט אױף אראָפּ. נישט אפֿן פֿאָל. נאָר אפֿן זױם פֿון איר שװאַרץ קלײד. דאָס טרױערט זי נאָכן מאַן. ערשט נישט לאַנג איז ער געשטאָרבן מיט אזא שרעקלעכן טױט. ער איז געװען אַן עלעקטראָ־טעכניקער, האָט ער נישט־זײענדיק גענוג פּאָרזיכטיק, אָנגערירט אַן עלעקטריזירטן דראָט און מאָמענטאַל איז ער געװאָרן פאַר־קױלט. ער איז געבליבן הענגען אפֿן עלעקטרישן קאַבל, אין דער הײך איבער די הײזער פֿון א רײכער טומלדיקער גאַס. ער האָט אױסגעזען װי א סטראַשידלע, װאָס קינדער האָבן אונטערגעצונדן; האָט ער זיך אַזױ לײכט געװיגט אין דער לופֿט, א לײכטער דינער רױך האָט געזעצט פֿון די קלײדער, און מענטשן האָבן געגאַפֿט, זיך געװאונדערט, װי אַזױ איז מעג־לעך, אז א מענטש װאָס איז אַזױ שװער, זאָל זיך קענען האַלטן אין דער הײך, אָנהאַלטנדיק זיך מיט אײן האַנט...

אזא אומגליק האָט מיט איר געטראָפֿן, דערצו איז זי געװאָרן גרױ און דאָס האָט נאָך איר ביטערן גורל אײנגאַנצן פֿאַרשװאַרצט. זי האָט געמוזט װערן א װעשן און דאָס אַלץ צוליב די האָר... זי װאָלט נאָך אױף זיך גענומען א בעלן. אָבער קײן אײנציקער מאַן װיל בכלל נישט װערן קײן פֿאָטער פֿון דרײ קינדער אױף אמאָל. און פֿון אָרעמע קינדער בפֿרט. אָבער זי איז דאָך אביסעלע צופֿרידן.

דאַניא עלװירא דערזעט, אז די װעשן איז איצט פֿאַרחלומט. װערט זי אביסל העפֿלעכער. באַלד דערמאָנט זי זיך, װאָס דער מאַן האָט איר אָנגע־זאָגט, װערט זי נאָך מער העפֿלעכער און שפּעטער אביסל איז זי שױן כמעט צערטלעך, שטאַרק פֿרײנטלעך. זי פֿרעגט בא איר װאָס זי האָט נעכטן גע־קאָכט און װאָס מאַכן די קינדער. און פֿאַרן אװעקגײן װיל זי זיך נאָך

דערוויסן, צי זי, די וועשן, ווייסט נישט פון עפּעס אַ מיידעלע, וואָס וואָלט געוואָלט זיין בא איר אין שטוב, היטן דאָס קינד, אָפּוואַשן די פּאָלן, בקיצור, זי זוכט אַ שטיקל מענטש אַף וועמען מען זאָל זיך קענען פאַר־לאָזן, זי וואָלט געגעבן צו עסן און שלאָפן, און אַז זי וועט זיך גוט אויפ־פירן, וועט זי געבן געלט אויך. עס וועט איר גאָרנישט פעלן, זי וועט איר זיין נישט ערגער ווי אַ מאַמע.

די וועשן הערט זיך צו זייער גלייכגילטיק, אָבער זי פאַרהערט נישט קיין איין וואָרט; זי האַלט די רעכטע האַנט אַף דער ברוסט, און גלעט דאָס צלמל וואָס הענגט אונטערן קלייד. זי טוט דאָס מיט אַ כונה, עפּעס דאַכט זיך איר אַז צו איר רעדט נישט די גוטע דאָניא עלווירא, נאָר אַ טייוול פאַרקלוידערט און דער טייוול וויל איר צורעדן צו אַ שרעקלעכע זינד און כאָטש זי ווייסט אַז זי וועט שוין טאָן ווי דער טייוול וויל, אַז זי וועט זיך שוין פון מחבלם הענט נישט אַרויסרייסן, קעמפט זי דאָך און דאָס איינציקע געווער וואָס זי פאַרמאָגט איז אַ צלמל.

דערווייל איז שוין דער טייוול אַנטשווינגן געוואָרן. דאָניא עלווירא זעצט זיך אַנטקעגן דער וועשן און וואַרט געדולדיק.

עס ווערט שטיל. אין טיפע אָפּגרונטן איז אפשר אויך אַזוי שטיל; נאָר באַלד גיט די וועשן אַ זיפץ, אַזאַ שטילן קרעכץ, זי נעמט אַוועק די האַנט פון דער ברוסט און גיט אַ נערוועזן פינטל מיט די אויגן. דאָס לעבן איז זייער טרויעריק און זי איז אַ פאַרמאַטערט באַשעפעניש. קיינ־מאָל, אין די מקלומרשט בעסטע טעג פון איר לעבן, האָט זי דאָך פון אַביסעלע אמתע פרייד ניט גענאָסן. זי געדענקט נישט דעם טאָג וואָס זי זאָל נישט האָבן געוויינט, אָדער ס'האָט זיך איר נישט האָבן געגלוסט צו וויי־נען, אַז זי ווערט שוין באַלד אַלט. נאָך אַ יאָר, און זי וועט דאָך אייביק ניט לעבן, פאַרוואָסזשע זאָל זי זיך נישט פאַרגרינגערן? געניסן עפּעס פונעם לעבן? און פאַר וואָס זאָלן אירע נעכט זיין דערשטיקטע פון פיין, זיך פייניקן אָן אַ פאַרוואָס?

יאָ, אַזוי רעדט עפּעס אין איר און צו איר, נישט צו קיין אַנדערן, קלאָגט דאָס אָן אויפהער:

„פאַרוואָס זאָל איר איינציקע טרייסט, דער טייערסטער אוצר פון אַלע אומגליקלעכע, דער שלאָף, זאָל פון איר אַ דערשראָקענער אַוועק, אַ פאַר־טריבענער דורכן געוויש פון אירע בלוטן, רויט בלוט וואָס וואָיעט אין

די אָדערן, וואָס וואַרט משוגע צורייצט, מ'זאָל עס בארואיקן, איינהאַלטן דעם שנעלן גאַלאָפּ, זיך לאָזן אַביסעלע אָפּרוען..."

אַזוי וויל זי, זי פֿאָדערט דאָס און ווייסט, אַז זי האָט רעכט אויף אַזאַ זאַך און דאָך זיינען אירע רעכטן געשענדעט. זי איז אַ מאַמע, און אירע קינדער זיינען נישט ווילנדיק גורם איר פּיין... ווייל אַזאַ איז שוין דער גורל פֿון אַלע מאַמעס, זיי מוזן זאָרגן פֿאַר די קינדער. דערנערן זיי, וואַשן, זיך שפּילן מיט זיי, און ווען זיי זיינען קראַנק מוזן זיי שטיין נעבן די בעטלעך, גלעטן די צעהיצטע שטערנס און אויסקושן די טרערן פֿון די אויגן...

מילא, אַזוי איז שטענדיק געווען און אייביק וועט אַזוי בלייבן. זי מאַכט זיך נישט פֿאַר קיין אויסנאַם, ביז איצט האָט זי איר חוב לגבי אירע קינדער דערפֿילט, און וואָלט זי דאָס נישט געטאָן וואָלט זי זיך געפֿילט נאָך אומגליקלעכער, אָבער דאָך... זי ווייסט דאָך יאָ דעם אמת... זי איז דאָך נישט קיין מוטער — אַ שקלאַפֿן איז זי, אַ פֿאַרפּייניקטע דינערן, וואָס איז אונטערגעוואָרפֿן דעם באַפֿעל פֿון אַ נישט געזעענעם האַר און האָט ניט קיין שום רעכט צו טאָן דאָס וואָס דעם האַר געפֿעלט נישט.

זי ווייסט, אַז זעלטן געפֿינט מען אַ מענטש, וואָס איז באמת אַ גוטער, און נאָך זעלטענער פּאַסירט, אַז מען זאָל זיך ליב האָבן. איר פֿאַרשטאָרבענער מאַן האָט איר אויך נישט שטאַרק ליב געהאַט. מ'האָט געלעבט צוזאַמען, ווייל מען האָט געמוזט, ווייל איינער אין דעם אַנדערן האָט זיך ניט געקענט באַגיין... ס'איז געווען אַ פּשוט געשעפֿט, צו וועלכן מ'האָט גאָרנישט דערלייגט, אדרבא ס'איז נאָך געבליבן עפּעס פֿאַרדינסט... נאָר עס האָט פּאַסירט אַן אומגליק. איצט וויל זי זיך שוין מער נישט אָפּנאַרן. זי ווייסט שוין אויף זיכער, אַז עס איז נישטאָ אַ מאַן וואָס זאָל זיך וועלן מיט איר אויף אייביק פֿאַרבינדן, אָבער אַז זי קען מענער, דווקא אַ סך, פֿון די וואָס זי וואַשט זייער וועש, אַז זיי באַגערן איר, און ווען זי וואָלט געוואָלט, וואָלט מען איר אויף ניט לאַנג, געבערענגט מתנות, און ליידנשאַפֿטלעך קוקנדיק אויף איר, וואָלטן זיי געמורמלט:

— „איר זענט דאָך נאָך גאָר אַ שיינע..."

— „אַזוי?" וואָלט זי געפֿרעגט מיט איראָניע.

— „איך בין אין אייך פֿאַרליבט".

— „טאקע?“

— „פארוואס זענט איר א שלעכטע?“

— „כי־כי־כי“.

און אט אזוי וועט זיך דאס מסתמא פארענדיקן:

— „פארוואס ביסטו טרויעריק“ — גיט זי א צערטלעכן פרעג.

— „ניין, איך בין נישט טרויעריק“! גיט ער א געגעץ.

— „אפשר ביזטו אף מיר בייז?“

— „ניין!“

— „יא, איך זע ביזט בייז“ — גיט זי אים א קוש אין קארק.

— „לאזט צורו... איך וויל שלאפן...“

— „שלאף... שלאף... — קושט זי נאך שטארקער.

צעכעסט ער זיך, גיט א שפרונג פונעם בעט:

— „צוויג“! און ער נעמט זיך אנטאן.

אזוי וועט אויסזען דער סוף! נישט בעסער און נישט ערגער, אבער ס'מאכט נישט, אלץ בעסער ווי גארנישט. דערנאך וועט קומען א צווייטער, א דריטער, און דעם פערטן וועט זי אליין פארטרייבן...

זי גיט זיך א כאפ. דאניא עלווירא איז ערגעץ פארשוואונדן און זי זיצט נאר א פארטראכטע, זי וויל שוין גיין, נאר אז זי איז נאך אלץ צוריק צוריק געקומען. מישט זי ווייטער די געדאנקען:

„...דערווייל האט זי נאך גארנישט געזינדיקט. נאר אזא חטא איז גארנישט, אלע נשמות זינדיקן... — באשליסט זי, — אז זינדיק איז זי דאך שוין סיי ווי סיי, וועט זי שוין איצט פון זיך אראפווארפן די חרפה, און בסך הכל שעמט זי זיך פאר איין מענטש, פאר איר עלצטער צוועלף יעריקער טאכטער כואניטא. זי איז שוין גרויס און פארשטייט שוין א סך זאכן. עס וואלט אפשר געווען פיל בעסער ווען זי פארשטייט א קליין ביסעלע ווייניקער און...

און זי באשליסט אז זי וועט איר אוועקגעבן דער דאניא עלווירא. דערמיט וועט זי מאכן אז זי וועט זיך נישט האבן פאר וועמען צו שעמען, איבעריקנס, אפשר וועט איר דא זיין בעסער ווי בא איר...

טריט, פוילע טריט טופען אין דער ערד, די וועשן שטעלט זיך אויף און דאניא עלווירא זיצט שוין צוריק אפן בענקל, זי רעדט מיט גאל:

— איך הויב נישט אן צו פארשטיין, וואס איך טראכט אזוי לאנג, יא — יא, ניין — ניין!

די וועשן ענטפערט שנעל.
— איך האָב אַ טאָכטער...
— עס טוט מיר הנאה... פארשנורעט זי די ליפּן.
— כואנאַ רופט מען איר...
— אַ שיינער נאָמען — קוקט זי אַפן הימל.
— איך קען זי צו אייך ברענגען?
דאָניאַ עלווירא פארגלאָצט מיט די אויגן און ציט מיט די אַקסלען:
— ברענגט איר, לאָמיך זי נאָר אָנקוקן, וועל איך שוין זען.
דער וועשן שטעלן זיך טרערן אין די אויגן.
— איך האָב מיין כואניטאַן זייער ליב...
דאָניאַ עלווירא הויבט זיך אָן לאַנגווייליקן און זי צעגנעצט זיך:
— אָ־הו־אָו... ברענגט איר, איך וויל איר פריער זען.
די וועשן ווישט זיך די פייכטע אויגן און כליפּעט:
— איר וועט פון איר זיין צופרידן, זייער צופרידן...
דאָניאַ עלווירא איז שוין אַביסעלע גערירט פון דער וועשנס טרערן און זי זאָגט שוין מיט רחמנות אינעם קול:
— זי וועט באַ מיר זיין ווי אַן איינגן קינד.
די וועשן שטעלט זיך ארויף דעם קויש אַפן קאָפּ און געזעגנט זיך:
— אַ גוטן טאָג, סעניאָרא.
— ביז מאָרגן, — גריסט דאָניאַ עלווירא נאָך פריינטלעך.

2.

דאָרט וואו די זון גייט אויף איז אייביק מזרח און דאָרט וואו די זון גייען אונטער איז אַלעמאָל מערב. די וועשן וואוינט אין דרום זייט, נאָר אַזוי ווי זי איז שטאַרק פאַרחלומט, שפּרייזט זי אין צפון זייט.

רוקט זי זיך לאַנגזאַם איבער צעשניטענע גאַסן. לאַנגע שלענג מיט וועמען עס האָט אַ אומגליק פּאַסירט: עפּעס אַ ניגאַנטישער וואָגן, מיט אַן אַ שיר רעדער איז איבער זייערע קערפּערס אַריבער און זיי זיינען אַף אייביק געבליבן צעפּערטלט.

טומלט זיך אַף די גאַסן, מענטשן לויפן אַהין און צוריק, אַ סך פאָרן אין אויטאָמאָבילן, אַנדערע גייען צופוס. נאָר קיין איינער פון זיי טראַכט נישט וועגן „איך וויים וואָס", אַף אַזעלכע נאַרישקייטן איז אין אַ גרויסער שטאָט נישטאָ קיין ציים...

די וועשן איז אַן אויסנאַם, זי טראַכט יאָ, נאָר באַלד דערפילט זי אַ שרעקלעכע שווערקייט אַפן קאָפּ. הערט זי אַ ווײַלע אויף צו טראַכטן. זי דערמאָנט זיך אַז זי טראָגט אָפּ זיך אַ שווערן קויש מיט שמוציקע וועש, וואָס זי מוז ריין מאַכן. זי קוקט זיך אַרום, זי זעט אַז זי איז פאַרקראָכן ערגעץ באַם ברעג ים, און בלײַבט דער־שטוינט. זי וואוינט דאָך אויך באַם ברעג ים, נאָר בײַ דעם ברעג זײַנען עפּעס די הײַזער גאָר אַנדערש, אַלע אַזעלכע נײַע ווי מען וואָלט זיי איצט אויפגעבויט, נײַן זי באַגרײַפט נישט... שוין זשע איז מקוים גע־וואָרן איר נאַרישער חלום, וועגן דער גאַס וואו זי וואוינט? ס׳איז די טרויעריקסטע גאַס פון דער גאַנצער שטאָט, דאָרט וואוינען די נידעריקסטע פון די נידעריקע, די פאַרשעמטסטע פון די פאַרשעמטסטע, צום מערסטנ־טײל פרויען, וואָס דאָס גאַנצע לעבן, באַשעפטיקן זיי זיך מיט דעם, וואָס זיי שפּאַצירן אַהין און צוריק, ווינקען מיט די אויגן און עס גייט זיי ממש אין לעבן, אַז מענער, אַזעלכע צופעליק אומשולדיקע פאַרבײַגייער, זאָלן זיי אָפּ נישט לאַנג, כאָטש טאָן די טובה און זיך אָפּרוען אַ ווײַלע אין זייערע שטיבלעך, זיך אָפּרוען אַביסל פונעם לאַנגן שפּאַציר...

דאָרטן וואוינט זי, אַפילו נישט זייער לאַנג, נאָר זי ווייסט אַז אײביק וועט זי שוין דאָרטן וואוינען... זי האָט נישט געהאַט שטאַרק חשק דאָרטן זיך צו פאַרשטעקן, נאָר ס׳איז נישט געווען קיין צווייטער אויסוועג, דאָרטן קאָסט דאָס דירה געלט ביליקער ווי ערגעץ אַנדערש און אויך אָט די סומע קומט איר נישט אַן אַזוי לײַכט.

זי חלומט אָפט, אַז אַמאָל וועט קומען אַ צײַט ווען די גאַס וועט דערהויבן ווערן. עס וועט פּאַסירן אַזאַ נישט גלויבלעכער נס: גוטע מענ־טשן וועלן דערמאָלט צעוואַרפן די פאַרחושכטע שטיבלעך, אויסטריקענען די קאַלוזשעס שמוציקע וואַסער, צונעמען די קופּעס פאַרסאַרכעטע מיסט, און אַלץ וועט ווערן ווי די רײַכע גאַסן בײַ די פּליאַזשעס.

מילא, אַזוי האָט זיך אַמאָל איר פאַנטאַזיע צעשפּילט, איצט האָט זי זיך צוליב אַ פּשוטן צופאַל אין אַזעלכע נאַרישקייטן דערמאָנט, אָבער דער קויש מיט וועש וויל פון גאָרנישט וויסן, קוישן פאַנטאַזירן נישט און ער צעווינט זיך אָפּ איר קאָפּ. זי איז נעצוואַונגען אים צוצוהאַלטן מיט בײדע הענט ער זאָל זיך נישט איבערקערן, נעמט זי זידלען דעם קויש מיט טויטע קללות, ווי דאָס וואָלט געווען אַ לעבעדיק באַשעפעניש...

ענדלעך דערזעט זי פון דערווייטנס דאָס שטיבל וואו זי וואוינט. א טרויער באַפאַלט איר, און זי פאַרקלענערט די טריט, ווי אַן אַרעסטאַנט וואָס דערנענטערט זיך צו דער טורמע. בעט זי זיך, אז דער וועג זאָל זיך קיינמאָל ניט פאַרענדיקן, דער וועג זאָל זיך אייביק ציען... נאָר אַזעלכע געבעטן ווערן קיינמאָל נישט דערפילט.

זי האָט גאָרנישט באַמערקט, אז זי שטייט שוין מיט איין פוס אַף דער שוועל פונעם טויערל. זי שפּאַרט זיך מיט אַלע כוחות און קען זיך נישט דורכשטופּן. דאָס טויערל האָט זיך פאַרעקשנט און לאָזט נישט אַדורך. עפּעס איז דאָס אַזוי שמאָל, אַן איינגעשרומפּנס, פון אַלטקייט גע־בויגן; א פאַרזינקטע אין דער ערד מיט א גריבל באַם שוועל. אַמאָל איז דאָס טויערל געווען ענלעך צו א שמאָלן קוואַדראַט. היינט זעט דאָס אויס ווי א צוקוועטשטער דרייעק.

שטופּט זיך דער קויש, ראַנגלט זיך מיטן דרייעק שפּיץ אין דער הויך, וויל זיך מיט געוואַלד אַדורכשפּאַרן. נאָר אז דאָס גייט נישט, ווערט דער קויש נערוועז. שאָקלט פון זיך אַרויס א קללה. און אז עס העלפט נישט ווערן די קללות אָפּטער, וואָס אַמאָל העכער, פאַרשייטער. אָבער אז דאָס טויערל גיט זיך נישט אונטער, צעספּאַזמירט זיך עפּעס מיט א הילפלאָז קול.

ס'רייסן זיך אָפּגעריסענע קרעכצן דורכן קאָרעדאָר, קלאַפּן זיך אָן אין די ווענט פון בלעכענע סוכות, וואָס האַלטן זיך צו איינס דאָס צווייטע מ'זאָל נישט אומפאַלן. אַזעלכע פאַרלאַטעטע פון פאַרפוילטן האָלץ און ליים. — רייסט זיך א קרעכץ נאָך א קרעכץ און דערשרעקן אַף טויט צוויי קליינע קינדער. א אינגעלע וואָס זעט אויס ווי א מיידעלע, און א מיי־דעלע וואָס זעט אויס ווי א אינגעלע. ביז איצט האָבן זיי זיך געשפּילט אין א רעגן, מיט אַזאַ שמוציק וואַסער, וואָס האָט דעם אויסזען פון מילך און וועלכן עס איז אַריינגעפאַלן א שטיק קויל.

זיי בלייבן א ווײַלע דערשראָקן, נאָר באַלד דערקענט מען דער מוט־ערס קול. לויפן זיי אַזעלכע פאַרנעצטע צום טויער. דערזעען זיי די מאַמע אַזוי פאַרקלעמט אינעם דרייעק, מיט א קויש אַפן קאָפּ, און קריצט מיט די ציין. דאָס בילד ווייזט זיי אויס זייער קאָמיש, זיי צעלאַכן זיך שטאַרק מיט פאַרטרערטע אויגעלעך.

די מאַמע האָט זיך אָנגעהויבן צו רוקן אַף צוריק, זי שלעפּט אַרויס די פאַרקלעמטע הענט פון דער הויך וואָס צווישן קויש, גיט זיך אַזאַ פּעציש בויג אויס. דער קויש גיט אַ פאַל אַריין אין קאָרידאָר, די וועש צעשיט זיך אין אַ קופּע, נאָר זי נעמט זיך ניט צום האַרצן, און טאַפּטשעט אַריבער די שמוציקע וועש, בלאָזט זיך די פאַרקלעמטע הענט. די קינדער לאַכן נאָך אָן אויפהער, וואַרפט זי צו אַ בייזן בליק, אַנטלויפן זיי ווי אַי־בערגעשראָקענע האָזן.

זי קומט צו זיך, זי קלייבט צונויף די וועש, שאָקלט אָפּ דעם שטויב און דערנאָך ווען זי גייט אַריין אין שטוב, זעט זי ווי כּואַניטאַ, איר עלצט קינד, שטייט אַזאַ פריילעך זינגנדיקע באַם טישל און פרעסט געשיקט אַ פּאָר מענערשע אונטערהויזן. זי נעמט איר שטראָפן מיט „ביטערע רייד" און דאָך וואָגט זי איר נישט צו קוקן אין די אויגן.

עס, זי רעדט מיט אַ נישט זיכערן טאָן, אָט וועט זי שטיין בלייבן אין מיטן און נישט פאַרענדיקן, ווייל די ליפּן ציטערן איר, דאָס פּנים איז ווייס אָבער זי מוז דערפירן ביזן סוף.

זי דערציילט נישט אַלץ מיט אַמאָל. צוערשט וויל זי גאָר וויסן, פאַר וואָס כּואַניטאַ איז היינט אַזוי פריילעך, וואָס פאַרא גליק האָט איר גע־טראָפן. און פאַרוואָס פאַרמאַכט זי נישט דעם פּיסק כאָטש אַף אַ רגע? זי גלויבט, אַז דאָס איז דערפאַר וואָס דער טאַטע איז געשטאָרבן, און אפשר וועט זי זיין נאָך פריילעכער, ווען זי אַליין, איר מאַמע וועט שטאַרבן... און צי זי דאַרף איר נאָכאַמאָל דערציילן, אַז זי כּואַניטאַ איז שוין נישט קיין קינד, זי דאַרף שוין פאַרשטיין, אַז זיי לעבן אין אַ גהינום, אין אַ מיסט־קאַסטן... און אַז זיי זאָלן דאָ לאַנג בלייבן, וועט מען פאַרפוילט ווערן... נאָר כּואַניטאַ וויל זיך נישט נעמען צום האַרץ. די וועשן וואָלט געשוואַנירן, אַז די טאָכטער איז צופרידן.

כּואַניטאַ ענטפערט נישט, זי הערט זיך אפילו רעכט נישט צו. זי נעמט אָן אַ פול מויל מיט וואַסער, אַז די באַקן ווערן איר שטאַרק אָנגע־בלאָזן, דערנאָך שפּריצט זי דאָס צוריק אויס אַף די ווייסע וועש, זי טומלט שטאַרק מיטן פּרעס־אייזן. דאָס אַרויסגעשפּריצטע וואַסער ווערט מאָמענטאַל פאַרשוואונדן. אַ לייכטע פּאַרע שוועבט אין דער לופט און דאָס געשפּריצטע וואַסער זידט אונטערן דרוק פונעם צעגליטן אייזן און פּאַרעט אויס.

בואניטא ענטפערט נישט, זי ווייסט ניט וואס צו זאגן... און די מאמע, א פארביטערטע פון איר שווייגן, קוקט אף איר מיט באדויערן און טראכט, אז דאס איז דאך נישט בואניטא, אז דאס איז גאר א ליאלקע, זי האט שווארצע אויגן און א לענגלעך פנים, ענלעך צום הארץ פונעם הימלישן דערלייזער אף א בילד אין א קלויסטער.

זי דערפילט זיך פארשעמט וואס זי האט די גאנצע צייט גערעדט צו א ליאלקע, אזא טויטע זאך, וואס פארשטייט גארנישט און איז שטענדיק שטום. אבער זי וויל זיך דאך „לייכטער מאכן די נשמה" און אז זי דערהערט א הוסט פון יענער זייט וואנט, דערפרייט זי זיך און נעמט ריידן צו דער וואנט...

זי זאגט צום ערשטן דער וואנט „גוט מארגן", מאמענטאל דערהערט זיך א העפלעכער ענטפער, עס פארבינדט זיך א שמועס, אנפאנגס אביסל קאלט און אנגעצויגן, מען שטעלט זיך ניט אינטערעסאנטע פראגן, אבער דערנאך איז מען שוין היימישער, ביז דאס קול פון יענער זייט וואנט הויבט זיך אן צו בעטן, אז זי די וועשן זאל אריינגיין, אז אזוי איז נישט באקוועם צו שמועסן, זי נעמט גערן אן די איינלאדונג, זי באדאנקט זיך פארויס און לאזט זיך אוועק אפן הויפל און פון דארט צו דער רעכטער זייט פון דער בלעכענער וואנט...

.3

אז די מאמע איז ארויס פונעם שטיבל, האט בואניטא האסטיק אויסגעשפיגן דאס ביסל וואסער וואס זי האט שוין געהאלטן א לענגערע צייט אין מויל, האט זיך א טרייסל געטאן, און דאס קינד וואס איז ביז איצט געווען פארגליווערט ווי א ליאלקע, האט זיך גאר שטארק פארענדערט, זי האט אויפגעהערט צו פרעסן, און נעמט זיך צוהערן וואס טענהט די מאמע מיט דער „סעניארימא לאברא", די שכנה וואס וואוינט פון יענער זייט וואנט, און כאטש די וואנט איז זייער א דינע, בסך הכל א פארזשאווערטע בלעך און דאך געלינגט איר נישט צו כאפן אווארט, און צום שלימזל האט זיך דארטן די מאמע געכאפט, אז זי בואניטא האט אויפגעהערט ארבעטן. און זי שרייט צו איר, אז זי זאל אביסעלע מער ארבעטן און וויי־ניקער טראכטן, ווייל זי איר מאמע טראכט שוין פאר איר... זי מעג זיך אף איר פארלאזן...

אָבער כואַניטאַ איז שוין איצט נישט מער קיין ליאַלקע, זי באַקומט דאָס לשון, זי ענטפערט שאַרף, אַז זי איז נישט קיין פערדל און מעג זיך אַביסל אָפּרוען... און די מאַמע לאַכט, אַז ס'איז נישט געפערלעך און אַז די וועלט וועט נישט אונטערגיין, אַז זי וועט זיך נישט אָפּרוען, און, אַז נאָכן טויט, וועט זי צייט האָבן צו רוען און רוען... און בשעת מעשה וואָרנט זי איר, אַז זי זאָל מיט איר נישט דיסקוטירן. די מאַמע רימט זיך, אַז זי איז נישט קיין פוילע און אַז בײַ איר איז אַ קלייניקייט זי זאָל צו איר אַריינגיין און צעפּאַטשן דאָס פּנים...

כואַניטאַ ענטפערט שוין נישט, זי ווערט אַנטשוויגן, אָבער כדאַי איז צו באַמערקן, אַז כואַניטאַ איז נישט אַנטשוויגן געוואָרן, דערפאַר ווייל זי נעמט אין אַכט דער מוטערס סטראַשונקעס... אָבער דאָס הייסט אויך נישט, אַז זי איז בײַ זיך זיכער, אַז די מאַמע וועט אירע הבטחות קיינמאָל נישט דערפילן. פאַרקערט, עס האָט שוין ניט איינמאָל פּאַסירט, אַז אַלע וועגן וואָס די מוטער סטראַשעט, איז דערפילט געוואָרן, נאָר מען שטאַרבט ניט פון אַזעלכע זאַכן, און איצט איז זי שטיל געבליבן, ווייל זי האָט דערפילט אַ נויטווענדיקייט וועגן עפּעס צו טראַכטן...

פּלאָנטערן זיך איר אַזעלכע נישט פאַרשטענדלעכע געדאַנקען אינעם יונגן קעפּל, זי איז בײַ זיך זיכער, אַז די מאַמע איז היינט נישט די זעלבע וואָס געוועזן; זי דערקענט אין אירע אויגן אַזאַ נישט ערלעך פייערל, און, אַז זי האָט שוין מסתמא אָפּגעטאָן אַ שלעכטע זאַך. און אויב זי האָט דאָס נאָך נישט געטאָן, וועט זי דאָס היינט אָדער מאָרגן טאָן...

פאַרקוקט זי זיך מיט כעס צו דער וואַנט און שטעקט אַרויס די צונג אויף אַ פרעכן אויפן. זי איז אויסן צו באַליידיקן די סעניאָריטאַ לאַברא, ווייל זי גלויבט, אַז זי איז שולדיק אין אַלע צרות. אַלעמאָל ווען זי זעט איר ריידן מיט דער מוטער, שרעקט זי זיך; איר ווייזט זיך אויס, אַז לאַברא רעדט כמעט שטענדיק צו דער מוטער וועגן מיאוסע זאַכן. איבע־ריקנס, זיי מיינען אפשר, אַז כואַניטאַ ווייסט פון גאָרנישט... אַז כואַניטאַ ווייסט שוין יאָ עפּעס, אפילו ווי אַזוי לאַברא פאַרדינט געלט... און זי גיט מיט עקל אַ שפּיי.

די מאַמע און סעניאָריטאַ לאַברא הערן דורכן ווענטל אַז כואַניטאַ שפּייט. דער מוטער פאַרדריסט עס: פע, אַ שמוציק קינד, אייביק שפּייט דאָס... נאָר סעניאָריטאַ לאַברא מאַכט נישט דערפון קיין וועזן... מען

שפייט דאָך נישט אַף איר... און הגם עס האָט שוין פּאַסירט אַז מען האָט אַף איר יאָ געשפּיגן. כּואַניטאַ האָט געזאָגט דעם אמת: סעניאָריטאַ לאַברא איז פון באַשעפטיקונג אַ פּשוטע פּראָסטיטוטקע און פּראָסטיטוט־קעס זיינען שוין צו אַזעלכע זאַכן געוואוינט.

און לאַברא איז נישט קיין אויסנאַם, זי וואוינט שוין אין דעם זעלבן הייזל אַ סך יאָרן, נאָך איידער די וועשן האָט זיך אריינגעצויגן.

די ערשטע צייטן האָבן ביידע שכנות צווישן זיך נישט געמאַכט קיין גרויסע געשעפטן. אדרבא, מען איז אפילו געווען פיינטלעך איינס צום צווייטן... באַזונדערס איז דאָס געווען די וועשן. זי האָט זיך צו לאַבראַן באַצויגן מיט האַס און עקל. אַמאָל האָט פּאַסירט אַ פאַל, ווען לאַברא האָט אַ קוש געטאָן איר אינגסט קינד, טיטאָ, האָט זי שוין מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און איר געוואָרנט, אַז ס׳זאָל זיין צום ערשטן און לעצטן מאָל, — נאָר אויב זי קען זיך נישט איינהאַלטן, זאָל זי כּאָטש פריער אויסוואַשן דאָס מויל מיט וויטריאָל...

לאַברא איז געווען טויט בלאַס און נישט געענטפערט, אָבער אין אַ צייט אַרום, האָט איר די וועשן נאָכאַמאָל געכאַפּט באַ דער זעלבער עבירה, האָט זי איר געסטראַשעט, אַז זי איז גרייט איר צו שפּאַלטן דעם קאָפּ. לאַבראַ האָט ווייטער געשוויגן... אַזאַ געפּאַלענע, האָט זי געדולדיק פאַרנומען אַלע פאַרדינטע און נישט פאַרדינטע באַליידיקונגען, נאָר שפּע־טער איז זי אַריין צו זיך אין הייזל, און געיאָמערט אַ פאַרביטערטע.

אַ גאַנצע נאַכט האָט זי אַזוי שרעקלעך געגוואַלדעוועט און אפילו נישט געגאַנגען צו איר געווינלעכער אַרבעט. וואָס דאָס האָט קיינמאָל ביז דאַמאָלט נישט פּאַסירט.

אַף דער וועשן האָט דאָס שטאַרק געווירקט. דער געוויסן האָט איר אַנגעהויבן פּייניקן, האָט זי זיך נישט זיכער אריינגעשאַרט צו איר אין שטיבל, געפרעגט צי זי איז קראַנק... איר דערלאַנגט וואַרעמע מילך, נאָר לאַברא האָט איר פון זיך אָן רחמנות געיאָגט, נאָר אַז זי האָט נישט גע־וואָלט אַוועקגיין, כאַפּט זי איר באַ די הענט, קוויטשעט, און פרעגט:

— וואָס האָט איר צו מיר? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך איר געטאָן? און פאַרוואָס קומט מיך צו באַליידיקן?..

אַ שטאַרק גערירטע, האָט זיך די וועשן גענומען פאַרענטפערן: זי וועט איר שוין קיינמאָל נישט באַליידיקן, און אַלס באַווייז ברענגט זי

צו איר דאָס קינד. לאַברא נעמט דאָס קינד צו זיך אין בעט, טוליעט אים צו דער ברוסט. קושט אים אָן אויפהער, אָט פונקט ווי אַ מאַמע... און זי, די אמתע מאַמע, האָט זיך שוין אין יענער נאַכט נישט דערוואַרט אַפן קינד, לאַברא האָט עס נישט געוואָלט צוריקגעבן, און זי איז אַנדרי־מלט געוואָרן אַפן קאַנט פון אַ פרעמד בעט.

אַזוי איז געווען דער אָנהויב פון זייער קאַנטשאַפט. דערווייל האָט זיך עס נאָך נישט פאַרענדיקט. ביידע גלויבן, אַז זי וועט זיך קיינמאָל נישט פאַרענדיקן.

לעצטנס איז לאַברא זייער גליקלעך; ענדלעך האָט זי געפונען אַ מענטשן וואָס מען קען זיך אים אַביסעלע פאַרטרויען, דערציילט זי איר אַפּטמאָל „די געשיכטע פון איר הינטיש לעבן" ווי אַזוי איר אמתע מוטער און אַ ברודער האָבן איר געמאַכט „פאַר דעם וואָס זי איז", ווי אַזוי זי האָט די ערשטע צייטן מיט זיי געקעמפט, אָבער זי האָט פאַרלוירן... יאָ, יאָ, זי מעג איר גלויבן, זי שווערט באַ גאָט.

וואונדערט זיך די וועשן און סמאַטשקעט מיט די ליפּן: זי האָט גע־מיינט, אַז מיט איר האָט פּאַסירט אַזאַ אומגליקלעכע ליבע, אָט ווי עס פּאַסירט מיט אַלע פון איר שטאַנד. וואָס אמת איז, גלויבט זי גאַרנישט; זי מיינט אַז די אַלע וואָס זיינען געוואָרן ווי זי, ווערן דאָס ווייל זיי ווילן. וואָלטן זיי נישט געוואָלט, וואָלטן זיי געווען מיט אַלעמען גלייך... אָבער איר גלויבט זי, איר יאָ. ערן וואָרט... און זי צעהיצט זיך, זי שטעלט איר שוין די אינטימסטע פראַגן... מערסטנטייל אַזעלכע וואָס מען טאָר גאָרנישט פרעגן, ווייל סיי ווי סיי קען מען זיי קיינמאָל נישט פאַר־ענטפערן...

לאַברא איז אין אַזאַ פאַל נישט קיין אויסנאַם, זי פּאָנפעט אונטער דער נאָז, און אָן אַ פאַרוואָס, פרעגט זי וואָס פאַר אַ דאַטע איז היינט און ווי לאַנג איז נאָך צו ווינטער...

די וועשן פאַרשטייט, אַז לאַברא וויל איבערהאַקן דאָס געשפּרעך, אָבער זי מאַכט זיך נישט ווייסנדיק, און פרעגט ווייטער: אויב איר מוטער און ברודער זיינען די שולדיקע אין איר הינטיש לעבן, פאַרוואָס זשע גייט זי אַלץ אַף זייערע קברים און גיט אויס די לעצטע סענטן אַף בלומען?

שווייגט זי און וויל נישט עפענען דאָס פּיסק, זי טופּעט נערוועז מיטן פוס. די וועשן וויל שוין אַוועקגיין אָבער זי גיט איר אַ וואונק זי

זאָל בלייבן און צערעדט זיך מיט א פארוויינטיקט צעקרומט פנים.

— איך הויב נישט אָן צו פארשטיין, שוין זשע ווייסט איר נישט, אז פארשטאָרבענע דארף מען רעספעקטירן און מיט זיי איז נישט שיין זיך צו רעכענען? אָך, עס איז מיר אַף זיי אזא רחמנות... ליגן פארפוילטע אין דער ערד... וואָס, איר ווייסט נישט פון אזעלכע זאכן?—פון אירע אויגן רינען טרערן.

— נארישקייטן!

—וואָס זאָגט איר? שרייט זי מיט שרעק.

א פחד צעוואקסט זיך אין דער וועשנס הארץ, זי האָט נאָך לאבראַן אזא צעפלאָמטע, קריגערישע, קיינמאל נישט געזען. דאָס הארץ זאָגט איר, אז טאָמער וועט זי נישט אָפטרעטן, וועלן זיי זיך באלד ביירע צעממיתן און כאָטש זי ווייסט, אז זי איז שטארקער פאר לאבראַן, דאָך וויל זי מיט איר נישט האָבן צו טאָן, אין אירע אָדערן פליסט דאָך „זונהש בלוט"... און זי פארכאַפט זיך, אז זי האָט גארנישט געמיינט... גארנישט...

לאברא בארואיקט זיך און זאָגט אזא טרויעריקע זייער שטיל, אז — אַף נשמות מוז מען האָבן רחמנות, זי איז זיכער, אז אַף איר נשמה וועט עמיצער, אמאָל אויך רחמנות האָבן...

זיי זיינען ביידע שטארק טרויעריק און פארחלומט. פארקוקן זיי זיך אנטקעגן, דאָרט וואו עס איז צעגאָסן דער ים. כוואַליעס שווענקען דעם ברעג, און, זייער ווייט וויגט זיך א שווארץ פארנעפלט פינטעלע. הויבט עס זיך אין דער הויך באלד גיט דאָס א זינק אַף אראָפּ און קומט ווייטער צוריק אין דער הויך, און רוקט זיך בשעת מעשה צום ברעג, ווערט פון מינוט צו מינוט גרעסער. א שיף דערנענטערט זיך צום ברעג, א גרויסע שיף פארהילט אָרום מיטן רויך פון די אייגענע קוימענס, און אז זי איז שוין גאָר נאָענט פונעם ברעג, קריגט זי עפּעס חרטה, און פארנעמט זיך אַף צוריק, דאָרט וואו דער הימל טוליעט זיך צום ים.

הערן זיי זיך איין צום גערויש פון ים, זיי באוואונדערן די שוימענ־דיקע כוואַליעס, און לאברא, פארגלייכט דעם ים מיט עפּעס א הימל, וואס האָט זיך געראנגלט מיט נאָך א הימל, און אז דער ערשטער הימל האָט געזיגט, האָט ער דעם באזיגטן אָן רחמנות צו דער ערד געשליידערט... פון גרויס צער און חרפה, איז דער אראָפּגעפאלענער הימל משוגע געוואָרן.

אוערשט האָט ער זיך ווילד צעשטורעמט, געוואָרפֿן זיך אין דער הויך, געמיינט, אַז עס וועט אים געלונגען צוריק אין דער הויך זיך אַרויפֿצוכאַפּן. נאָר עס האָט זיך אויסגעלאָזן „אַ גאָרנישט מיט אַ גאָרנישט“ און אויף אייביק איז דער הימל פֿאַרבליבן אויף דער ערד...

פֿון דאַמאָלסט אָן ביז היינט נאָך איז ער שוין פֿאַרבליבן אויף דער ערד, אייביקייטן זיינען שוין אַוועק, ווי דער הימל־ים, קלעמט זיך צווישן ערדישע ברעגן, זינגט ער פֿון לאַנגווייליקייט, ברומענדיק מאָנאָטאָנע כוואַ־ליעדיקע לידער.

און נישט זעלטן פּאַסירט, אַז עס ווערט אים שוין גאָר אומעטיק. דערוועקט זיך דאָס אַלטע משוגעת, דער ים ווערט צערייצט, און פֿאַר־מעסט זיך נאָכאַמאָל, פּרובירט דאָס מזל, כוואַליעס הויבן זיך חוצפּהדיק אין דער לופֿט, קלאַפּן זיך צעגויף, שפּרינגען איינס איבערן צווייטן, ביז דער ים ווערט פֿאַרמאַטערט און באַרואיקט זיך צו ביסלעך...

לאַבראַ האָט ליב דעם ים, און דער ים איר האָט אויך נישט פֿיינט. אויף זיינע כוואַליעס פֿילט זי זיך זיכערער ווי אינעם בעטל פֿונעם שטאָטישן שפּיטאָל, און פֿרייטיק פֿאַרט זי אַוועק אין מזרח זייט פֿון שטאָט, באָדט זיך אין שטאָטישן פּליאַזש... אַזוי איז שוין פֿון אייביק: מענטשן פֿאַר־שמוצן זיך מיט זינד אין מערב זייט און קומען זיך רייניקן אין מזרח, און ווייטער זינדיקט מען און ווידער טובֿלט מען זיך...

זי צעלאַכט זיך, שטענדיק נאָך אַזעלכע טראַכטענישן מוז זי לאַכן; דערנאָך פֿאַרגאַפֿט זי זיך אויף די מענער, וואָס באָדן זיך אין ים, זי טראַכט אַז עס איז זייער מעגלעך, אַז זי האָט שוין מיט אַלע וואָס געפֿינען זיך איצט אין פּליאַזש געזינדיקט... אויף זיכער ווייסט זי נישט... נאָר זי האָט שוין געזינדיקט מיט אַזוי פֿיל... מען דאַרף האָבן אַ קאָפּ פֿון אַ מיניסטער אַלעמען צו געדענקען... זי שמייכלט נאָך שטאַרקער, שיט זיך הייסן זאַמד אויף די פֿיס און זעט ווי מען באָדט זיך, ווי קינדער מאַכן קאַזשעלקעס אין זאַמד, ווי פֿרויען דראַפּען זיך צו די מענער אויף די אַקסלען, וואַרפֿן זיך פֿריילעך אונטער די כוואַליעס, שפּעטער אַביסל וואַרפֿן זיך די מענער און קומען דערנאָך צוזאַמען אַרויס אַביסל ווייטער, אויף אַ צווייט אָרט...

שעהן אַנטלויפֿן און זי פֿרעגלט זיך נאָך אַלץ אין זאַמד. עס צעבלאָזט זיך אַ קיל ווינטל, עס צעטונקלט זיך און זי דערמאָנט זיך, אַז באַלד מוז

זי שוין אוועק „ צו דער ארבעט", וואָס באַשטייט אין שפּאַצירן, זינגען פאַרשייטע לידלעך, בקיצור: זי מאַכן אַביסעלע משוגע.

שפּאַצירט זי איבער פאַרחושכטע טראַטואַרן, זי שאַרט זיך פלינק. די שיך באַרירן קוים די שטיינער. מאַכט זיך אַזאַ שלימזלדיקער אָוונט, וואָס זי געפינט ניט אַף זיך קיין בעלן, ווערט זי אַביסעלע מוטלאָז, אָפּטמאָל אין אַזעלכע נעכט וויינט זי...

צום גליק זיינען אַזעלכע נעכט פאַראַן גאָר ווייניק. אדרבא, נישט זעלטן פּאַסירט, אַז עס ווערט אַף איר אַן אויסכאַפּעניש. אַמאָל האָט מען זיך שוין צוליב איר געשלאָגן. נאָר דאָס פּאַסירט בלויז אין טעג פון היי־ליקע ימים טובים, ווען זיי, די ערלעך צניעותדיקע פרויען הערן אויף צו קאָנקורירן, מאַכט זי דערפאַר אַ לעבן. ס'איז איר דאַמאָלסט פריילעך אַפן האַרץ, זי ווערט איבערקלויבעריש, מיט איינעם וויל זי נישט גיין ווייל ער איז נישט ראַזירט, און מיט אַ צווייטן, ווייל ער איז אַזאַ דאַרער פאַר־צוויגענער פאַרשוין, זי ווייסט אַז אַזעלכע זיינען געניוגט צו סאַדיזם, ד. ה. אַז זיי פייניקן ניט חס וחלילה זיך, נאָר זיי, אַזעלכע אומגליקלעכע פרויען.

דערפאַר זוכט זי נאָר הויכע, שלאַנקע, פעסט געבויטע מענער, זיי האָט זי ליב... כאָטש נאַאיווע מענטשן מיינען, אַז אַזעלכע זיינען דאָס די שלעכטע און אַז אַ דאַנק זייער גבורה פייניקן זיי אַן אויפהער... נאָר עס איז נישט אמת זיי זיינען טייערע מענטשן, נאַאיווע, רואיקע און נישט זעלטן, זיינען זיי צאַרט און ליבלעך... זי איז פון זיי שטאַרק צופרידן און איז זיי דערפאַר שטאַרק דאַנקבאַר. יאָ, זי ווייסט דאָס ווי געהעריק אָפּ־צושאַצן, צאָלט זי זיי צוריק מיט דער זעלבער מטבע, זי באַהאַנדלט מיט דער בעסטער העפלעכקייט, בעט נישט דאָס געלט פאָרויס און ווען מען גיט דאָס איר, נעמט זי דאָס מיט אַזאַ מינע, ווי זי וואָלט געזאָגט: „ווייס איך וואָס... און אַז דו וואָלסט מיר נישט באַצאָלט?..."

לאַבראַס פאַך־חברטעס זיינען פון אַזעלכע „קונצן" ווייניק וואָס צו־פרידן. שטענדיק, בא דער קלענסטער געלעגנהייט, האָט מען צו איר פּרע־טענזיעס, אַז זי טויג צו גאָרנישט און אַז עס וואָלט פאַר איר זיין פיל בעסער ווען זי האָט „חתונה מיט אַ פאַרהונגערטן טייוול אָדער מיט אַ גלח." זי פירט זיך נישט אבסאָלוט „ווי אַזאַ וואָס זי איז"... און מען האָלט פאַר איר לעקציעס, „ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט הינט", אַז געלט איז אַן איידעלע זאַך, עס איז כמעט שטענדיק בעסער, אַז מען האָט דאָס בא

זיך... טאָמער וועט זי אַזוי נישט טאָן, איז אַ רחמנות וואָס זי לעבט...

לאַבראַ שווייגט. באַלד גיט זי אַ שטאַרקן ענטפער אָפּ, זי דער־שפּירט אַ בייסעניש אין די הענט און באַנוגנט זיך מיט מיאוסע ווער־טער...

די חברטעס דערשרעקן זיך. טראַכטן אין זיך, אַז לאַבראַ איז משוגע און מען גייט זיך פאַנאַנדער.

אַזאַ מעשה פּאַרדריסט איר שטאַרק, זי נעמט איינע נאָכיאָגן, יענע דערפילט עס, לויפט זי נאָך שנעלער, אָבער לאַבראַ גיט זיך פּלוצלינג אַ האַסטיקן האַלט איין, זי נעמט זוכן אַ שטיין, נאָר צוליב דער פינצטער־ניש מאַכט זי אַ טעות; דאָס איז פּשוט אַ שטיק פערדישע מיסט... פון עקל גיט זי אַ ציטער און לאָזט זיך אַף צוריק צום נאָענטסטן קאַפע הייזל „די שווארצע קאַץ".

אָבער קיינמאָל דערגייט זי נישט. אַ מאַנספּאַרשוין וואַקסט אויס, זיי פאַרפירן אַ שמועס. אין בעסטן פאַל פאַרענדיקט עס זיך דערמיט, אַז זיי ווערן ביידע פאַרשוואונדן אין אַ זייטיק געסל, אָבער אין ערגסטן פאַל, ווערט אַ געזידלעריי, ער סטראַשעט און זי הערט נית אויף צו שעלטן, זי שטעלט זיך אין אַ העלדישער פּאָזע און שפּרינגט אים אין די אויגן:

— ווילסט שלאָגן? ווילסט דערהרגענען? אדרבא, מיר ועלן זען!.. נו, פאַרוואָס שלאָגסטו נישט?

טרעפט, אַז ער האָט נישט קיין מוט, באַנוגנט ער זיך מיט אַ פּאַס־קודנעם זשעסט און אַז ער האָט מוט — וואַרפט ער אַ בינטל פינגער צו איר אין פּנים... ווערט זי צעטומלט, זי גיט אַ געשריי, אָבער באַלד באַמיט זי זיך צו שווייגן און ער לאָזט זיך אַוועק מיט שנעלע טריט און זי שאַרט זיך צו אַ לאַמטערן, נעמט אַרויס אַ שפּיגעלע, באַקוקט דאָס פּנים, דערנאָך שפּייט זי אין דער האַנט, און קוקט צי עס רינט נישט קיין בלוט...

זי שפּייט דערנאָך אָן אויפהער, עס ווילט זיך איר אין אַזאַ מאָמענט גערן זען בלוט. בעסער וואָלט אפילו געווען ווען זי קען זען פרעמד בלוט, נאָר פאַרפאַלן, קיינמאָל זעט מען נישט די זאַכן וואָס מען וויל, זי לאָזט זיך גיין און פאַרהוסט זיך שטאַרק.

אַף דער שטילער גאַס קלינגט אָפּ דער הוסט, ווי אַ הינטישע בילעריי. זי שווערט זיך, אַז מער וועט זי ניט רויכערן, דערנאָך קוקט זי צום הימל.

זי דערפרייט זיך, וואס א ווייסלעכע בלויקייט בלייבט דעם הימל. עס איז שוין באלד טאָג, נאָר איר טוט באנג וואס די נאכט איז אזוי שנעל פארשוואונדן, עס גלוסט זיך איר נישט צו גיין אהיים, נאָר באלד דערהערן זיך פערדישע טריט, א שומר פון געזעץ רייט פארשלאָפן אף א טונקל פערד, וואס שלעפט זיך זיג־זאגיש איבערן ברוק און ער דערנענטערט זיך צו איר. זי טראכט, אז מסתמא פעלט אים שוין אוים א פּאָר פּעזעס... צוליב וואָס ער וועט שוין אף איר אויסגעפינען עפעס א חטא, אָבער ער מעג דאָס פארמאָגן וואס זי קען אים געבן...

אָבער ס'האָט גארנישט פּאסירט, זי האָט אומזיסט און אומנישט באַ־שולדיקט א מענטשן. דער פּאָליציסט האָט איר אפילו נישט באמערקט, פון א צווייטער גאס הערט זיך א שכור געזאנג פארמישט מיט געלעכ־טערס. דער פּאָליציסט גיט א פעסטן צו־איין דאָס צוימל, דאָס פערד גיט זיך א קערעווע אוים און לאָזט זיך אין גאלאָפּ נאָך די טומלדיקע קולות.

לאברא זיפצט אָפּ מיט דערלייכטערונג און דערנאָך ווען זי קומט אהיים, ווארפט זי זיך אריין אינעם בעטל. דורך א שפּארע פון דער טיר, לויכט שוין אריין אינעם צימער א גראָער פּאַס ליכט. לאברא קוקט מיט מידע אויגן אפן ליכט־פּאַס, געזעגנט זיך אף אייביק מיט א טאָג, וואס האלט נאָר־וואָס אין געבוירן ווערן...

.4

די וועשן איז זעלטן ווען, געוועזן צוגאסט בא לאבראן אין צימער, זי האָט זיך פאר דעם געשראָקן, און עס פלעגט זיך איר אויסווייזן, אז אויבן, אפן דאך, איבערן שטיבל, ליגן ווי שווערע פעלזן־שטיינער, אלע עבירות וואס זיינען ווען ס'איז נים געטאָן געוואָרן, און זיי וועלן דאָס דעכל איינ־ברעכן און איר, צוזאמען מיט לאבראן, אף אייביק פארשיטן.

נאָר היינט, ווען זי זיצט אנטקעגן בעט, אפן קאסטן האָט זי אָן אַלץ פארגעסן, דאָס צימערל איז איר געוואָרן היימיש, שיר ניט ליב.

א ווײַלע קוקט זי ערגעץ און זעט גאָרנים. נאָר דערנאָך צעסקריפּעט זיך דאָס בעטל. לאברא זעצט זיך אויף, גענעצט, פרעגט ווי שפּעט עס איז און אז זי דערהערט, אז ס'איז שוין נאָך מיטיק צייט, גיט זי פון זיך א רעס אָפּ די קאָלדרע און בלייבט זיצן א נאקעטע.

די וועשן קוקט שוין אף לאבראס שלאנקע פיס און רייבט זיך די אויגן; זי האָט נאָך לאבראן קיינמאל ניט געזען אין אזא פּאָזע, און האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, אז זי זאָל האָבן אזא צאַרטע, ראָזעווע הויט און אזא שיינעם קערפּער... אף דעם האָט זי זיך ניט געריכט, ווייל לאבראס פּנים פּאסט זיך וויי‍ניק־וואס צו איר.

דערפילט זי צו איר אזא גוואלדיקן רעספּעקט, און פארגעסנדיק נאָך וואָס זי איז געקומען, זאגט זי שמייכלענדיק אָבער דאָך ערנסט:

— איך האָב גאָרניט געוואוסט, אז איר זענט אזא שיינע...

לאברא איז נאָך שרעקלעך פארשלאָפן, זי הערט ניט וואס די שכנה זאָגט און גלאָצט מיט פארשלאָפענע אויגן.

— איך האָב געזאגט, אז איר זענט א שיינע... — און זי נעמט ניט אראָפּ דעם בליק פון אירע ברוסטן.

לאברא שמייכלט פארזויערט.

— ערשט איצט ווערט איר געוואויר?—זי מאכט מיט דער האנט, אז עס לוינט זיך ניט וועגן דעם צו ריידן און פרעגט זיך, צי עס האָט היינט נישט גערעגנט.

— ניין, וואָס איז?

— ס׳האָט זיך מיר געחלומט...

אז די וועשן ענטפערט ניט, גיט זי זיך א פולן שטעל אויף, נישטערט די קליידער, וואס וואלגערן זיך נעבן בעט, דערנאָך פארהילט זי זיך אינעם גרינעם כאלאַט. זי גייט צו צו דער וואנט, נעמט אראָפּ א קיילעכדיק שפּיגעלע, קוקט זיך גוט איין און ווישט בשעת מעשה די האָר נעבן שטערן. שפּעטער גיט זי זיך א האסטיקן דריי אוים און זאָגט מיט א זיפ־צנדיק קול:

— איר זעט, איך ווער שוין אלט, וועל שוין מסתמא לאנג ניט לעבן...

די וועשן שאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ, זי טרייסט איר: — אָבער דאָס איז דאָך גאָרניט, אָט זי צום ביישפּיל, איז גרוי געוואָרן כמעט אין איין טאָג, נו? וועט זי דען אזוי שנעל שטאַרבן? זי גלויבט ניט... אומ־גליקלעכע מענטשן איז זיך שוין באַשערט צו פּלאָגן אף דער וועלט און זיי זיינען דאָך ניט קיין מזלדיקע באַשעפענישן...

דאָס געשפּרעך פארציט זיך, ביידע פארגעסן אין דער גאנצער וועלט. לאברא פארגעסט אין די מענער, די וועשן אין די קינדער. מען רעדט וועגן פּוסטע נארישע זאכן.

אנטלויפן זיך שעהן און זיי פּלאַפּלען נאָך. אָבער סוף כל סוף זעען זיי זיך אַרום, אַז פון שמועסן וועט זיי ביידע גאָרניט אַרויסקומען, אַז זיי וועלן דערפון ניט ווערן קליגער און בשום אופן ניט רייכער.

שטעלט מען זיך אויף און די וועשן וויל שוין אַוועקגיין, אָבער זי טוט דאָס נישט. זי דערמאָנט זיך, אַז וועגן דעם, וואָס זי האָט לאַבראַן געוואָלט דערציילן, האָט זי זיך נאָך ניט אַפילו קיין איין וואָרט דער־מאָנט. זי דערפילט אַ קעלט. דאָניאַ עלווירא שטייט איר פאַר די אויגן, און אַז כואַניטאַ שטייט אַף יענער זייט ווענטל און פרעסט פרעמדע וועש, און שרייט אַף די קלענערע קינדער, אַז זיי זאָלן ניט גוואַלדעווען, זי סטראַשעט מיט קלעפּ, און פון אונטער לאַבראַס בעט דערהערט זיך אַ קעציש מיאַוקען.

לאַברא באַמערקט אַז די וועשן שטייט ווי צעמישט. זי האָט באַלד פון אָנפאַנג דערקענט, אַז עפּעס האָט מיט איר פּאַסירט און אַז זי האָט איר עפּעס צו דערציילן... אָבער זי וויל ניט פרעגן. וועט זי אַליין דער־ציילן איז גוט און אויב ניט, דאַרף מען ניט. קוקט זי אַף איר מיט אַ פאַרבאַהאַלטענעם בליק.

— איך האָב אייך עפּעס געוואָלט דערציילן...

יאָ, די וועשן האָט זיך ענדלעך אַנטשלאָסן.

— וואָס?

— מיין כואַניטאַ, זי וועט מער ניט זיין באַ מיר אין שטוב...

עס ווילט זיך איר וויינען, נאָר זי מאַכט אַ פריילעך פנים.

— וואָס איז געשען?

— גאָרניט... איך דאַרף איר מער נישט האָבן באַ זיך.

— זי האָט געטאָן אַ שלעכטע זאַך?

— ניין.

— נאָר וואָס?

לאַבראַ ציט מיט די אַקסלען. די וועשן ענטפערט נישט באַלד. זי ווייסט וואָס צו ענטפערן, נאָר לאַבראַ וועט ניט פאַרשטיין, זי וועט אפשר מיינען, אַז זי איז ניט באַם זינען... ליינט זי אַזוי צערטלעך אַוועק די רעכטע האַנט צו לאַבראַן אַפן אַקסל און שפּעטער, ווען זיי זיצן שוין ביידע אַפן בעט, צערעדט זי זיך שנעל אָבער שטיל:

איצט דערציילט זי שוין דעם אמת. זי רעדט וועגן דאָניאַ עלווירא.

זי איז א גוטע פרוי, זי וויל צו זיך נעמען כואניטאַן, זי גלייבט אַז זי טוט גוט, זי איז שוין אַ דערוואַקסן קינד, און עס איז שוין צייט, אַז זי זאָל מער ניט זיין אויף דער פאַרשאָלטענער גאַס. דאָס האַרץ זאָגט איר, אַז זי זאָל איר אַביסעלע בעסער אָפּהיטן און, —

— און איך וויל ניט, אַז מיין קינד זאָל ווערן אַזאַ ווי איר זענט!

זי האָט שוין פאַרענדיקט און וויינט... טרערן רינען שטראָמענווייז איבערן פּנים, דערגרייכן ביזן האַלדז, ווערן ערגעץ פאַרפאַלן.

לאַבראַ איז בלאַס ניט דערפון וואָס די וועשן וויינט, זאָל זי וויינען... זי פילט ניט צו איר דעם קלענסטן ברעקל רחמנות, פאַרקערט, זי איז צופרידן... וואָס איז, נאָר זי באַדאַרף וויינען?.. עס מאַכט ניט, עס וועט איר גאַרניט זיין, יאָ, איר מאַמע האָט אויך געוויינט און אַ פאַרוויינטע געבעטן עפּעס געלט... זי האָט געוואוסט פון וואַנען דאָס געלט איז, און זיך ניט אָפּגעזאָגט... און די וועשן וויינט איצט אויך ווי איר מאַמע.. מילא, זאָל זי וויינען, אָבער זאָל זי ניט דערציילן קיין מעשיות, אַז דאָס וויינט זי צוליבן קינדס גורל... זי דאַרף נאָר האָבן אַ מאַן, אין איר הייסן אָטעם דערקענט זי דאָס...

און די וועשן וויסט פון גאַרניט און כליפּעט נאָך אַלץ. לאַבראַ ווערט אויף אַן אמת איבערגעאַנדערש און צעבייזערט זיך:

— וואָס האָט איר אייך צעוויינט? איר מיינט, אַז איך בין אַ נאַרישע. איך ווייס גאַרניט? אָבער איך ווייס יאָ דעם אמת! איר זעט מיינע אויגן? זי גיט אַ פריילעכן פינטל מיטן אויג...

— האַ? גיט די וועשן אַ שפּרונג פון אָרט.

— מיך נאַרט מען ניט!

— איצט זע איך, אַז אַ הור בלייבט אייביק אַ הור! פוי...

זי גיט לאַבראַן אַ כראַקע אין פּנים און אַנטלויפט ווי פון אַ שרפה.

כואניטאַ האָט דערזען, ווי די מאַמע איז אַ צעשמישטע אַריין אין צימער, ווי אירע ליפּן ציטערן... זי האַלט די הענט בײַ די זייטן און איז ברייטער ווי געוויינלעך. זי שטייט שוין לעבן דער טאָכטער...

כואניטאַ מאַכט זיך ניט וויסנדיק און פרעסט אַן אויפהער, זי וויל ניט קוקן אויף דער מוטער, זי האָט איצט פאַר איר באמת מורא, ווערט זי נערוועז, ציט מיט די אַקסלען, זי וויל עפּעס אַראָפּטרייבן אַ זאַך וואָס טאַפּטשעט אויף איר פּלייצע, נאָר עס געלינגט איר ניט, ווייל דאָס זיינען

נאָר דער מאַמעס אויגן וואָס קוקן אָן אויפהער. אָבער די מאַמע צערעדט זיך פלוצלינג אָן כעס. נאָר אַזוי האַרציק ווי אַ געבעט און זאָגט אַזוי:

— טו זיך אָן כואַנאַ, כואַניטאַ... גיי, נעם אַרויס פון שאַפקע דיינע אַלע זאַכן, מאַך אַ פּעקעלע און קום מיט מיר. פון היינט אָן וועסטו שוין ניט זיין באַ מיר אין שטוב... איך וועל דיך אַוועקפירן צו דאָניאַ עלווירא. דאָרטן וועסטו זיין, וועסט אַרבעטן און מען וועט דיר געבן צו עסן, שלאָפן און אַלץ וואָס וועסט דאַרפן...

זי וויל שוין ווייטער וויינען, נאָר זי האַלט זיך איין.

— דאָס געלט וואָס דו וועסט פאַרדינען וועל איך ניט צונעמען, וועסט באַהאַלטן און אויף קאַרנאַוואַל וועל איך דיר מאַכן זייער אַ שיין קליידל... אַ וויאָלעט קליידל, איאָ, האָסט ליב אַ וויאָלעט קליידל?

כואַנאַ וויל ניט ענטפערן. זי זעט שוין גאָרניט. עס ברענט איר אין די אויגן. רייבט זי זיי מיטן פויסט, נאָר די מאַמע נעמט דאָס ניט אין אַכט, און רעדט ווייטער:

— דו, מיין קינד, ביזט שוין ניט יונג, אין דיינע יאָרן דאַרף מען זיך שוין קענען אַליין פאַרזאָרגן.

כואַניטאַ ענטפערט מיט גרויס אָנשטרענגונג. זי טופּעט מיט די פיס און פאָכעט מיטן פּרעסל אין דער לופט:

— אָבער איך אַרבעט דאָך! איך העלף דיר!.. — זי שטעלט דאָס פּרעסל צוריק אפן טיש.

— אמת, ביזט גערעכט! אָבער נאָך ניט צוליב דעם פאַרשיק איך דיך פונעם הויז. ניין! צוליב עפּעס אַנדערש. דו טאָרסט דאָ ניט זיין... דו ביזט נאָך אַ קינד. איך קען דיר איצט ניט דערציילן... אָבער אַז דו וועסט עלטער ווערן, וועסטו זיך שוין דערוויסן...

— דערצייל מיר שוין.

— ניין, ביזט נאָך אַ קינד.

— ניין, דערצייל...

די מאַמע פאַרטראַכט זיך, בייסט אַ נאָגל, נאָר באַלד ווייזט זי מיט אַ פינגער אויף דער וואַנט:

— וואָלסט וועלן ווערן אַזאַ ווי זי? — קוקט איר די מוטער גלייך אין די אויגן אריין, און די ליפּן ציטערן איר, ווי עס וואָלט איר געוואָרפן אין אַ קעלט.

— וואָס? — גלאָצט כואַניטאַ אויפן ווענטל.

— איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט ווערן אַזאַ ווי זי! דו ווייסט ניט, אַז לאַבראַ איז אַ שמוציקע חיה?!

כואַניטאַ וויל ענטפערן און קען ניט. אַ משונהדיקע זאַך דערלאָזט ניט. און דאָס איז דאָס בלעכענע ווענטל — אינעם צינק האָט ווער מיט צייטן צוריק אַריינגעשמעלצט אַ צעחוזקטן גלעכטער. נאָר איצט האָט זיך דער געלעכטער ענדלעך אַרויסגעריסן פונעם מעטאַל און צעטאַנצט זיך אַ באַפרייטער איבערן שטיבל.

קייקלט זיך דער געלעכטער, אַן אָפּגעריסענער פון דער וואַנט אויף לינקס, קלאַפּט ער זיך אין דער וואַנט אויף רעכטס, פּונקט ווי אַ האָגל וואָס פאַלט אויף גלעזערנע דעכער, פאַלט זייער שנעל, פאַרהאַלט זיך אַ ווײַלע און צעשיט זיך נאָך שטאַרקער.

די מאַמע איז פאַרטומלט געוואָרן, קוקט מיט רציחה אויפן פאַרזשאַווערטן בלעך און כואַניטאַ ענטפערט ווי עס געשעט גאַרנישט:

— איך וועל ניט גיין!

— וועסט ניט זיין אַזוי שלעכט...

— וועסטו זען!..

— באמת?

— יאָ!

די מאַמע קען שוין מער ניט אויסהאַלטן, זי ביילט די פויסט און פרעגט דער טאָכטער צי האָט זי ליב אַ סך קלעפּ...

כואַניטאַ שטאַמלט, נאָר עס העלפט שוין ניט... זי קריגט אַ פייערדיקן פּאַטש, זי פינטלט מיט די אויגן... די מאַמע פרעגט צי זי וויל נאָך?

כואַניטאַ גרייט זיך אַרויסצופּלאַצן אין אַ געוויין, אָבער נאָכאַמאָל האָט זיך די די בלעכענע וואַנט אַריינגעמישט, נאָר איצט איז דאָס שוין ניט קיין געלעכטער, די וואַנט רעדט צו כואַניטאַן, עצהט מיט אַ מענטשלעך קול:

„פאָלג דיין מאַמען, כואַניטאַ, וועסט סיי ווי סיי צוריקקומען, וועסט זיך לאַנג ניט פאַרזוימען, אָבער..."

איבעראַשטע קוקט מען זיך אָן, און די וואַנט רעדט ווייטער, שוין זייער איראָניש:

„אָבער עס איז אַ סך בעסער, אַז מען גייט ניט און מען באַדאַרף

ניט צוריקקומען. נאָר אַזוי ווי דו האָסט זייער אַ געטרייע מאַמע, וועסטו שוין יאָ גיין... מיין מאַמע איז מיר אויך געווען געטריי און..."

און די וועשן גיט אַ שפּרונג צום בלעכענעם וואַנטל, פּויקט מיט די פויסטן, שעלט און וואָרנט זי זאָל פאַרמאַכן דעם פּיסק, זי זאָל זיך ניט מישן אין יענעמס געשעפטן, ניט שטופּן די נאָז וואו מען דאַרף ניט.

לאַבראַ האָט שוין מער ניט גערעדט און די וועשן זעצט זיך אַוועק אַ שווער סאַפּענדיקע, און מיטן אַרבל פון דער בלוזע ווישט זי זיך דאָס פּנים.

מיט דעם האָט זיך אַלץ פאַרענדיקט. כואַניטאַס גורל איז שוין פאַר־חתמעט. זי האָט נאָך אַביסעלע געכליפּעט. איר איינגסטער ברודערל האָט דאָס באַמערקט, האָט ער זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף אירע קניען, געגלעט איר פּנים און געקושט.

שטופּט זי אים פון זיך און ענטפערט גאָרנישט. איז דער ברודערל בייז געוואָרן, שפּרינגט ער פלינק אַראָפּ פון איר שויס און וואַרפט צו דער שוועסטער אַ בייז וואָרט — דאָס וואָרט האָט ער שוין אַ סך מאָל געהערט און ווייסט נישט וואָס דאָס באַדייט — אַנטלויפט ער, ווייל כואַניטאַ וויל שלאָגן...

זי זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקל, זי פאַרטראַכט זיך, נאָר באַלד דערהערט זיך פון ערגעץ אַזאַ הייזעריקע מוזיק. דאָס האָט אַן אַרבעטס־לאָזער שכן זיך פאַרווײַלט מיט אַ גראַמאַפאָן, וואָס איז נאָך פאַרבליבן פון די גוטע צייטן און טויג שוין נישט צום פאַרזעצן אין לאַמבאַרד.

ס'צעשווימען זיך אין דער לופט אַזעלכע משונהדיקע טענער, אָפּגע־האַקטע, פאַרטומלטע טויט־מידע, וואָס דערמאָנען אין מתים וואָס מען וועקט צום לעבן, נאָר זיי ווילן נישט אויפשטיין, זיי זיינען צופרידן מיטן טויט...

אויף כואַניטאַן ווירקן די דאָזיקע הייזעריקע טענער, ווי די שענסטע געזאַנגען פון דער וועלט... די מוזיק האָט דאָך אויסגעטרוימט איר זיידע, אונטער דער מוזיק האָבן געטאַנצט אירע עלטערן, — זי וועט אַמאָל אויך טאַנצן דעם זעלבן טאַנץ...

כואַניטאַ הויבט אָן מיטזינגען. וואָס אַמאָל צעזינגט זי זיך העכער און הילכיקער. זי זינגט שוין מיט פאַרמאַכטע אויגן און פאַרגעסט אין איר מוטער און אין דער גאַנצער וועלט. — זי שוועבט אויף דעם אָרימען

ליד פון איר רייך לאנה, אפן ליד, וואס איז אמאָל געבוירן געוואָרן ער־געץ אין אַ שענק, אָדער בורדעל, און וועט די זכיה האָבן, מיט דער צייט צו ווערן אַ שיין פאָלקסליד פון כואניטאַס אייניקלעך...

כואניטאַ זינגט אַ פּשוטן טאַנגאָ!...

.5

ענדלעך, נאָך אין דער זעלבער נאַכט, איז שוין דאָן היפּאָליטאַ געווען שטאַרק צופרידן. דאָס מאָל איז ער שוין אומגעשטערט געשלאָפן, געבראָ־פּעט און עס האָט אים און זיין ווייב דאָניא עלווירא קיינער נישט אױ־בערגעוועקט.

האָבן זיי זיך שוין מער נישט געקריגט, נישט געזידלט; אדרבא, דאָניא עלווירא האָט אים צערטלעך געגלעט, געמאַכט קאָמפּלימענטן, אַז ער איז דער בעסטער מאַן אין דער וועלט, אַז זי האָט אים שטאַרק ליב, און זיי זיינען אַנטשלאָפן געוואָרן אויסערגעוויינלעך גליקלעך און צופרידן.

אָבער דערפאַר איז אפשר כואניטאַ צום ערשטן מאָל אין איר לעבן נישט געשלאָפן. דאָניאַ עלווירא האָט איר געהייסן זיך אויסבעטן אין עס צימער, אוועקגעשטעלט לעבן איר געלעגער דאָס וויגעלע צוזאַמען מיטן קינד און האָט איר אָנגעזאָגט זי זאָל אים וויגן, און אַז ער וועט זיך איבערוועקן, זאָל זי אים איבערלייגן... געבן צו טרינקען דאָס ביסעלע מילך וואָס שטייט אַפן טיש, נאָר טאָמער וועט ער שטאַרק וויינען, דאַמאַלסט מעג זי אָנקלאַפּן אין טיר, וועט זי אים נעמען צו זיך.

אַזוי האָט טאַקע פּאַסירט, דאָס קינד האָט געוויינט, געדריגעט מיט די פיסלעך, אָבער כואניטאַ האָט זיך אָנגעשטרענגט אים איינצושטילן. עס איז איר נישט געלונגען, נאָר איבערוועקן דער דאָניאַ עלווירא האָט זי נישט געהאַט קיין מוט, האָט זי פון גרויס פאַרצווייפלונג, געשאָלטן די מאַמע, דער דאָניאַ עלווירא, חשק געהאַט צו דערשטיקן דאָס קינד, זיך געגעבן ס׳וואָרט, אַז באַלד פאַרטאָג וועט זי אַנטלויפן און זי וועט שוין מער נישט צוריקומען. זי וועט דערציילן דער מוטער, אַז זי קען דאָרטן נישט זיין, זי שרעקט זיך פאַר אַלץ, זי פילט זיך פרעמד, אַז זי איז נישט געזונט...

אַזוי האָט זי טאַקע געטראַכט, נאָר אַף צומאָרגנס, האָט זי אין אַלע טראַכטענישן פאַרגעסן. געשען איז דאָס צוליב אַ קלייניקייט: באַלד אַף

צומארגנס האט איר דאניא עלווירא געקויפט א מתנה, א רויט קעמעלע. כואניטא האט איר הארציק באדאנקט, געגעבן א קוש אין דער האנט. זי האט זיך מאמענטאל פארליבט אין איר באלעבאסטע און זיך פארשעמט פארן נעכטיקן געדאנק.

א צייט איז אוועק. דאניא עלווירא איז שוין געווען פון כואניטאן שטארק צופרידן. כואניטא אויך, ווייל סוף כל סוף האט איר גארנישט געפעלט. דא האט זי געגעסן בעסער ווי אין דער היים.

באלעבאסטע און דינסט זיינען געווארן צווישן זיך היימישער, נענטער, אף אזוי פיל, אז כואניטא האט זיך שוין דערלויבט, אפילו אין איר אנוועזנהייט, זינגען א טאנגא, וואס זי האט מיטגעבראכט פון איר גאס, און דאניא עלווירא, וואס האט ליב געהאט ארומצוגיין א נאקעטע אין שטוב און שטיין אזוי שעהנווייז פארן שפיגל, האט פארלוירן די חרפה אף אזוי ווייט, אז כואניטא האט שוין געקענט די אינטימסטע טיילן פון דער באלעבאסטעס קערפער, נישט ערגער ווי זי האט זיי געקענט פון איר קינד.

אבער מיטן איינציקן וואס זי איז נאך נישט געווען גוט באפריינדעט, איז געווען דער באלעבאס דאן היפאליטא. ער איז כמעט קיינמאל נישט געווען אין שטוב און באנאכט, ווען ער פלעגט קומען, איז אדער ער פלעגט באלד נאכן עסן זיך לייגן שלאפן, אדער ער פלעגט אוועקגיין מיטן ווייב אין טעאטער, און עס איז כמעט קיינמאל נישט אויסגעקומען מיט אים צו ריידן. אבער צו אים האט זי נישט געקענט פילן קיין מורא און אפילו נישט קיין רעספעקט. אויך ער, פון זיין זייט, פלעגט זיך מאכן, אז ער באמערקט איר נישט. האט דאס איר שטארק פארדראסן און איינמאל האט זי זיך געקלאגט פאר דער דאניא עלווירא, אז דען דאן היפאליטא איז עפעס אף איר שטארק בייז, און דאניא עלווירא האט איר בארואיקט, אז זי האט א טעות, אז איר מאן איז א טייערער מענטש, ער איז נאר א קליין ביסעלע נערוועאיש און אויב ער וועט איר עפעס זאגן, זאל זי איר גלייך דערציילן...

כואניטאן איז אבער קיינמאל ניט אויסגעקומען צו פארקלאגן איר האר; אויך מיט אים איז זי געווארן צוביסלעך היימיש, און איינמאל ווען ער האט פארלוירן דאס קנעפל פונעם קאלנער און נישט געקענט געפינען, האט ער איר גענומען צו הילף. אבער, אז אויך זי האט אזוי שנעל ניט גע־

פונען, איז ער געווארן בייז, און איר צוגעווארפן א וואָרט, אז „זי זוכט און זוכט, און בעט גאָט אז זי זאָל נישט געפינען". כואניטא האָט געצי־טערט, א שוויים האָט איר באדעקט, זי האָט אָנגעהויבן ענערגיש צו זוכן און... געפונען.

אָן דאָן היפּאָליטאָס פּנים האָט זיך צעלייגט א צופרידן שמייכעלע, ער האָט איר געגעבן א גלעט און געזאָגט, אז זי געפעלט אים. דערנאָך האָט זיך צווישן זיי פארפירט א גאנצער שמועס. דאָן היפּאָליטאָ האָט כסדר געפרעגט און כואניטאָ האָט געענטפערט. אָבער אינמיטן גיט איר די באָלעבאָסטע א רוף צו זיך אין קיך און פרעגט איר, וואָס זי האָט גערעדט מיטן הער.

— גאָרנישט סעניאָרא, — רויטלט זי זיך.

— וועגן גאָרנישט קען מען נישט ריידן...

דאָניא עלווירא קוקט שטרענג.

— ערנוואָרט!

— אָבער דאָך?

— געפרעגט צי איך בין צופרידן.

וואָס האָסטו געזאָגט?

— אז יאָ!

— אפשר עפּעס וועגן מיר? זאָגט דאָניא עלווירא און קוקט זיך ארום.

— אָ, ניין... וועגן מיר האָט ער געפרעגט.

עס פעלט נישט קיין סך כואניטא זאָל וויינען.

— נו גוט, גוט, וויין נישט, נארעלע, איך האָב גאָרנישט געמיינט.

דאָניא עלווירא גלעט איר די באָקן, ציט איר צו זיך און רעדט צו איר זייער שטיל.

— טאָמער וועט מיין מאן עפּעס פרעגן וועגן מיר, זאָלסטו גאָרנישט דערציילן. האָסט פארשטאַנען?

— יאָ!

— וועסט געדענקען?

— יאָ סעניאָרא.

פונעם דאָזיקן געשפּרעך, איז בא כואניטאן געבליבן אזא באהאל־טענער שרעק. לאנג, זייער לאנג, האָט זי צוליב דעם געטראכט וועגן פאר־שידענע זאכן, אָנגעהויבן פארשטיין, אז אפילו דער וועלט זיינען דאָ אזעלכע

באהאַלטענע זאַכן, וואָס נישט אַלץ מעג מען וויסן און טאָמער וואָלטן זיך די מענטשן דערוואוסט, וואָלט נאָך געקאָנט פּאַסירן שרעקלעכע אומ־גליקן...

זי דערמאָנט זיך פּלוצלינג אין דער מאַמע און אין לאַבראַן, ווי אַזוי זיי האָבן זיך צעקריגט, וואָס לאַבראַ האָט אַריינגעשריגן דורך דער וואַנט... און עס ווערט איר טרויעריק.

ס'צעטאַנצן זיך שוואַרצע געדאַנקען אין כּוּאַניטאַס קעפּל, אפשר צום ערשטן מאָל אין איר לעבן טראַכט זי אַזוי ערנסט, זי ווייסט שוין, אַז אַלץ וואָס זי ווייסט, איז נישט מער ווי נאַרישקייטן, אָבער דאָך דער־פילט זי זיך שטאָלץ מיט אירע געדאַנקען; זי זעט אַז זי הערט שוין אויף צו זיין אַ קינד, אַז זי איז שוין אַ דערוואַקסענע...

און ווייטער לויפן זיך טעג, טעג וואָס האָבן אָנגעהויבן צו ווערן מאָנאָטאָן צוליב זייער שטאַרקער ענלעכקייט איינע מיטן אַנדערן. כּוּאַניטאַ בענקט שוין צוריק אַהיים, זי קלערט איבער, וואָס די מאַמע האָט איר צוגעזאָגט צו באַזוכן און איז נאָך אַפילו קיין איין מאָל נישט געקומען. עס אינטערעסירט איר נישט צו וויסן אויב זי לעבט, אָדער זי איז גע־שטאָרבן. פאַר כּעס און קרענקונג באַליידיקט זי איר אין געדאַנק, נאָר באַלד האָט זי זיך פאַרשעמט פאַר אירע שלעכטע מחשבות און זי נעמט גאָר נאָר קלערן, וואָס מיט דער מוטער האָט געקענט פּאַסירן. באַלד באַפאַלט איר אַ שרעק; אפשר איז גאָר די מאַמע קראַנק?.. בײַ דעם גע־דאַנק צעוויינט זי זיך.

דאָניאַ עלווירא האָט דאָס באַמערקט און איר גענומען אויספרעגן. האָט זי איר אַלץ דערציילט. דאָניאַ עלווירא האָט אָפּ איר געשריגן, גע־זאָגט אַז זי איז אַ נאַר, אַז מסתמא איז די מאַמע שטאַרק פאַרנומען און זאָל זי, כּוּאַניטאַ, וואָס ווייניקער קלערן.

כּוּאַניטאַ דערפילט זיך אַ ביסל געטרייסט, זי וואָלט דער באַלע־באָסטע גערן געקושט, נאָר זי שעמט זיך, דערפאַר קושט זי דאָס קינד, אָט ווי ער וואָלט איר געטרייסט.

זי שפּילט זיך מיטן קינד, צערטל עס, הוידעט עס, איז צופרידן, לאַכט. די מאַמע לאַכט אויך. און לאַכנדיק זאָגט זי צו איר, אַז היינט וועט זי בלייבן אַליין אין שטוב מיטן קינד, אָבער עס וועט איר נישט זיין טרויעריק, ווייל איר פאָטער וועט מיט איר בלייבן. ער איז שוין זייער אַן

אַלטער מענטש, נאָר זייער א גוטער. זי וואָלט געוואלט, אז כואניטא זאָל זיך צו אים באציען מיט רעספּעקט, זי זאָל אים מכבד זיין מיט טיי און זאָל פון אים נישט לאַכן, ווייל ער טראָגט א גרויסע באָרד, פונקט ווי א הייליקער. זאָל זי נישט וואַגן פון אים חוזקן, ווייל ער רעדט נישט זייער גוט איר לשון...

כואניטאַ האָט זיך שיר נישט באַליידיקט. וואס הייסט? זי איז אפילו נישט קיין אַלטע, אָבער זי ווייסט, אז אַן עלטערן מענטשן דאַרף מען רעספּעקטירן, זי מעג זיין פולשטענדיק זיכער.

זי שווייגט און איז מקנא די באַלעבאָסטע וואס איז שוין אליין א מאַמע און דאָך האָט זי נאָך א פאָטער און זי, כואניטאַ, איז נאָך אַזא יונגע און האָט נישט...

און נאָך דעם זעלבן אָוונט איז דאָניא עלוויראס פאָטער געקומען זען זיך מיט זיין אייניקל.

באַ זיין אַריינקומען, האָט כואניטא פאַרגעסן אין אַלע צוזאָגענישן און באַהאַלטן געלאַכט, נאָר זי איז נישט געווען שולדיק, ווייל דער אַלטער האָט צו זיך דערוועקט ניט מער ווי א געלעכטער. ער איז געווען א מגושמ־דיק־הויכער און דיקער, נאָר די נאָז איז באַ אים געווען זייער קליין, אַזא תמימותדיקע, עפּוואס פאַרצויגענע, ווי זי וואָלט נאָר וואָס דערפילט א שלעכטן ריח; אָבער דערפאַר איז די באָרד אַזאַ שטרענגע, ווייסע, ברייט־צעקעמטע.

זייער שנעל איז זי מיט אים געוואָרן היימיש. ער האָט זיך געהייסן דערלאַנגען אביסל וואַסער, האָט זי אים געברענגט טיי, ער איז איר געווען דאַנקבאַר. און אַף א צעקאַלעטשעטן לשון, וואס זי האָט קוים פאַרשטאַנען, האָט ער געפרעגט צי זי באַהאַנדלט גוט זיין אייניקל און אויב זי טוט אים נישט קיין שלעכטס.

כואניטאַ ענטפערט, אז ניין, נאָר ער קוקט אַף איר מיט אפּיקור־סישע בליקן, זי שטאַמלט און קען נישט אויסהאַלטן זיין בליק און דערצו שטיקט איר עפּעס א געלעכטער.

וואָס אמת איז אמת, דער אַלטער האָט צו קיינעם נישט קיין צוטרוי, און ער איז אויך נישט אינגאַנצן אומגערעכט. דאָס גאַנצע לעבן האָט מען אים נאָר גענאַרט... אפילו זיין ווייב האָט אים נישט איינמאָל אָפּגענאַרט... אָבער זי איז שוין טויט. איר האָט ער שוין לאַנג מוחל געווען. די קינדער

ווייל ער ניט און וועט נישט מוחל זיין! צו עלוויראן וואָלט ער אויך נישט געקומען, ער גייט ניט צו קיינעם, אָבער זי איז דאָך בעסער ווי די אַנ־דערע קינדער, זי האָט כאָטש נישט חתונה געהאט מיט א גוי... זי האָט א כשר קינד. און ער וואונדערט זיך שטענדיק, ווייל ער האָט געמיינט... „אַז פון עלוויראן וועט ער קיין האָניק נישט לעקן". אָבער ער האָט א טעות געהאט. פון איר האָט ער כאָטש א קאַפּעטשקע נחת, האָט ער דערפאר ליב איר קינד. אזא טייער באַשעפענישל, ער קושט דעם קינד אויס איט־לעכעם גליד, ווייל דאָס אייניקל איז דאָך באמת זיין איינציקע טרייסט. ער וואָלט גערן געקומען אלע טאָג, נאָר ער וויל זיך נישט צונויפטרעפן מיטן איידעם, ער האָסט אים נאָך מער, ווי יענעם איידעם, דעם „שווארצן פונדיק". מילא, יענער איז א גוי, האָט ער נישט מיט אים קיין שום גע־שעפטן און דער איז אפילו א איד, און ער וואָלט אים זייער גערן געפּאַטשט.

אָבער מיטן קינד האָט דאָס נישט צו טאָן. דאָס אייניקל האָט ער ליב, און פּעדריטאָ ווייסט דאָס, רייסט ער צו זיך אים זייער גערן, און צופּט אים די באָרד. דער זיידע גיט אים פּאָר יעדן ציפּ א שטאַרקן קוש, אמאָל אין פּנימל, אמאָל אין אָרט, וואו עס איז ניט שיין צו דערציילן, — און פּלאַפּלט מיט א נעמאַכטן קינדערישן קול, רעדט צו אים אף זיין לשון:

— דו באַנדיט, דו גזלן. א זיידן מעג מען רייסן בא דער באָרד, האַ?...

דאָס אייניקל פאַרשטייט דעם זיידנס לשון, ער רייסט נאָך שטאַר־קער... עס איז אים אפילו א חרפה צו זאָגן, אז דער קליינער פאַרשאַפט אים שמערצן, ער ווערט אביסל בייז, פּאַטשט ער דעם אייניקל איבער די הענטלעך און קילט זיך דאָס האַרץ.

— אָט האָסטו דיר ממזרוק, ס׳וועט פון דיר קיין לייט נישט אויס־וואַקסן, געראַטעסט אין טאַטן, גיי — שטופּט ער אים צוריק צו כואַניטאַן אין די הענט.

מילא, אַז דער זיידע וויל אים שוין מער נישט האַלטן, נעמט זי אים צו זיך. די גאַנצע צייט איז זי געשטאַנען א פרעמדע פון דערווייטנס און איינגעהאַלטן געלאַכט, נאָר דער אַלטער מאַכט זיך נישט זעענדיק. אביסל שפּעטער געזעגנט ער זיך. כואַניטאַ בעט אים ער זאָל אָפטער קומען און ער שאָקלט מיטן קאָפּ אף יאָ.

כואַניטאַ קוקט אים נאָך מיט א טרויעריקן בליק. זי טראַכט בשעת

מעשה, אז עס וואָלט געווען אַ גוטע זאַך, ווען דער אַלטער בלייבט שטענ־
דיק אין דעם הויז. אָבער פאַרן אוועקגיין האָט דער אַלטער צוגעזאָגט, אַז
ער וועט קומען מאָרגן.

א גאַנצע נאַכט האָט זי שוין געטראַכט וועגן אַלטן. עס האָט זיך איר
אפילו געחלומט, אַז אַ משוגענער הונט איז איר באַפאַלן, נאָר דער אַלטער
האָט אים געפּאַקט באַם גאָרגל און אַפּן אָרט דערשטיקט, און זי האָט דער־
פילט צו אים אַ שטאַרקע דאַנקבאַרקייט, וואָס אָט און עס וועט דערגיין
ביז ליבשאַפט, אַזאַ סאָרט ליבע, וואָס האָט שוין אַמאָל אין איר געלעבט,
געשטאָרבן און צוריק אויפגעשטאַנען תחית המתים — די ליבע צו אַ
פאָטער...

ס'צעזינגט זיך אין איר אַזאַ פרייליכע זאַך, רייסט זיך אַזוי שטיל
אין דער הויך, צעהילכט זיך וואָס אַמאָל העכער, מישט זיך צענויף מיט
בלויען לבנה ליכט, וואָס האָט דער פינצטערניש באַזיגט, און באַהעפט
זיך מיט אַ ווייטן הענער־געקריי. אַ ווינטל גלעט כּוואַניטאַס באַקן, פלאַ־
טערט דורך דער אָפענער טיר און זי קען שוין מער נישט איינליגן. עס
הויבט איר פון געלעגער. זי ווייסט, אַז זי איז איצט אויסערגעוויינלעך
לייכט, זי דאַרף נישט מער ווי געבן אַ פאָכע מיט די הענט און זי וועט
אוועקפליען צו דער לבנה, אוועקזעצן זיך אין דער הויך אַראָפּקוקן אויף דער
וועלט, אַרויסשטעלן אַלעמען אַ צונג, און —

עס דערהערט זיך באַרוועסע טריט, אַ פאַרשלאָפן קול גיט אַ גריליע:

— וואָס שלאָפסטו נישט, ביזט קראַנק?

זי קאָרטשעט זיך פון שרעק.

— ניין!

— פאַרוואָסזשע שלאָפסטו נישט? וועסט אויפוועקן דאָס קינד, שלאָף!

זי פאָלגט, ציט אַריבער דאָס ווייסע ליילעך איבערן קאָפּ, פאַרקריצט
מיט די ציין און הויבט אָן שעלטן — שעלט מיט די קללות וואָס שטאַ־
מען פון איר אָרעמע גאַס.

## 6.

דער אַלטער האָט געהאַלטן וואָרט. צומאָרגנס איז ער נאָכאַמאָל גע־
קומען, געשפּילט זיך מיטן אייניקל און געווען שטאַרק צופרידן. בכלל
איז ער לעצטנס פריילעך. אין דרויסן איז זומער, דער וועטער איז זייער

א שיינער, א טרוקענער און דער רעאומאטיזם, וואס איז אים פארבליבן בירושה פון זיין ארבעט אין דער ביר־פאבריק, פייניקט אים נישט מער, און ס'איז אים גארנישט שלעכט.

ער האט זיך אפגעארבעט צוויי און דרייסיק יאר און איצט קריגט ער געלט אומזיסט און לעבט זיך „ווי גאט אין אדעס". גאנצע טעג זיצט ער אף דער פלאסע און גענעצט. קומט אמאל צופארן א אידישע טרופע, גייט ער אין טעאטער, דעמאלט איז בא אים א יום טוב... אבער זיי קומען זייער זעלטן, און אין גויאישן טעאטער וויל ער נישט גיין. איינמאל איז ער אפילו יא געגאנגען, זיך נישט שלעכט פארווילט. מען האט דארטן געזונגען, שיינע שיקסעס מיט נאקעטע פיס, האבן געטאנצט, נאר ער האט זיך געפילט שרעקלעך אומבאקוועם. ער האט באמערקט ווי אלע האבן אף אים געקוקט מיט א חוזק שמייכל און הויך צווישן זיך עפעס גערעדט. ער איז זיכער געווען, אז מען האט גערעדט וועגן אים...

ער איז דעמאלט אוועק פון טעאטער אין מיטן דער פארשטעלונג. נאר ער איז נאך נישט פטור געווארן פון אלעמען, דער שכן רב יוסף, דער וואס האנדלט אנטקעגן דער פלאסע מיט פאפיראסן, האט אים נאך אף צומארגנס, געלאכט אים אזוי חוצפהדיק אין פנים און געווארטשעט:

— אף שיינע ערטער זעט מען אייך קריכן... פע... פע... פע!

ער האט אים גארנישט געענטפערט, „א פארדאסטן מענטשן", וויל ער נישט ענטפערן און ער האט אים געשיקט די איינציקע פרעמד שפראכיקע קללה, וואס ער האט זיך אויסגעלערנט פון זיין זיין ארגענטינע.

ער פלאגט זיך נעבעך אף א לעבן. ער האט דאס א נאמען געגעבן „פארדאסט לעבן"... מוז ער אין זיך דערדריקן אלע פארלאנגען, וואס ווייזן זיך אים אויס פאר נישט איבעריק שיין. ער טוט דאס נישט, מחמת ער האט מורא פאר גאט, ניין, ער זאל דאס אזוי מורא האבן פאר די מענטשן, נאר ער וויל נישט האבן צו טאן מיט א וועלט, ווערט זי פארברענט... פוי... פוי...

אקוראט איצט, וואלט ער אבער נישט וועלן, אז עס זאל א תל ווערן פון דער וועלט. ער איז איצט נישט טרויעריק, ער קושט דאס איינקל און פלאפלט ווי געווייינטלעך מיט גרוים ליבשאפט.

קואניטא הערט זיך אויפמערקזאם צו צום זיידנס פלאפלעריי. זי פארשטייט נישט א ווארט און איז שטארק אין ספק, אויב מען קען דאס

לשון בכלל פארשטיין... די ווערטער קלינגען זייער קאָמיש, דאָך פּרובירט זי נאָכפּלאַפּלען. קען זי נישט, נעמט זי קינדיש אָפּשפּעטן.

דער אַלטער איז געוואָרן שטאַרק אין כעס, זאָגט ער צו איר אַף איר לשון, אַז זי איז אַ מיאוס מיידל, ממש א פּאַרזעעניש... אַ שלעכט דערצויגענע און ער וועט איר שוין נישט ברענגען די מתנה, וואָס ער האָט איר געוואָלט ברענגען. בקיצור, ער איז מיט איר ברוגז און ער וואָלט געוועזן שטאַרק צופרידן, ווען זי רעדט נישט מער צו אים און עס וואָלט פאר איר געוועזן בעסער, ווען זי רוקט זיך אָפּ כאָטש אַ ביסעלע ווייטער...

אַף אַזאַ אָפּשניט האָט זי זיך נישט גערעכנט. איר פּנים פארוויטלט זיך. זי הויבט זיך אָן אנטשולדיקן, אָבער דער אַלטער וויל נישט מוחל זיין, ער סימולירט גוט זיין בייזקייט; אָבער כואַניטאַ קוקט אַף גאָרניט און עס גייט איר ממש אין לעבן אַרויסצוקריגן אַן אַנטשולדיקונג, זי רעדט מיט טרערן אין די אויגן:

— אַנטשולדיקט סעניאָר, איך האָב אייך נישט געוואָלט באַליידיקן, זאָל איך שטאַרבן, אויב איך זאָג אַ ליגן... נו, אַנטשולדיקט?..

— ניין, ביזט א מיאוסע, אַוועק!

— אָבער איך וועל שוין אַזאַ זאַך נישט טאָן... איך וועל שוין זיין אַ גוטע... אַיאָ, איר אנטשולדיקט? טוט אַ טובה... יאָ!

עפּעס פּאַסירט מיט ביידע אַ אויסערגעוויינלעכע זאַך! — כואַניטאַ האָט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז דער אַלטער איז איר באמת א פרעמדער, זי האָט געמיינט, אַז דאָס איז גאָר, איר שוין פון לאַנג געשטאָרבענער פאָטער... אויך מיט יענעם פלעגט זיך אָפּט מאכן אַזעלכע סצענעס, און עס פלעגט זיך פארענדיקן מיט דעם, וואס זי האָט אים איבערגעבעטן מיט אַ קוש... איצט אַז זי האָט זיך פאַרגעסן, כאַפּט זי אַרום דעם אַלטן און גיט אים אַ פייערדיקן קוש. דער אַלטער האָט דאָס פארשטאַנען, אָבער גלייכצייטיק, אויך מיט אים האָט פאַסירט א מיאוסע זאך: אזא שלעכטער געפיל, וואָס איז שוין צייט יאָרן געלעגן באַגראָבן טיף אין דער נשמה, האָט זיך אים איצט דערוועקט, זיך אַרויסגעריסן פונעם באַגרעבעניש,—האָט דער געפיל, א שטאַרק צעווילדעוועטער, גענומען נקמה פאר זיין לאנג יאָריקער קבורה, דאָס בלוט האָט אים א שלאָג געטאָן אין פּנים, האָט ער מיט דער לינקער האנט כואַניטאַן געגעבן א שלעפּ צו זיך, און ווי א הונגעריקע חיה, בייסט ער זיך איין אין כואניטאַס ליפּן.

כואניטא האָט געגעבן א קוויטש, ענלעך צום געשריי פון א מענטש, וואָס איז פּלוצלינג אַראָפּגעפאַלן פון גאָר הויך; נאָר דער געשריי בלייבט אַן איבערגעריסענער הענגען אין דער לופט, ווי א ליכט־שטראַל פון אַ פאַלנדן שטערן אין אַ זומער נאַכט, ערגעץ באַם ברעג ים.

מאָמענטאַל קומט דער אַלטער צו זיך. ער איז נאָך א ווײַלע געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, דערנאָך האָט ער זיך אזוי פרעמד ארומגע־קוקט, געזען ווי כואניטא טוליעט זיך צו דער וואַנט, האלט זיך מיט דער האַנט בײַ די ליפּן, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אז איר מויל וועט ווידער ארויסלאָזן אַ איבערמענטשלעכן קוויטש, און זי קוקט מיט שטאַרע אויגן אויף אים.

עס ווערט שרעקלעך שטיל, דאָס קינד האָט אויך געשוויגן, נאָר באַלד האָט עס זיך פאַר דער שטילקייט דערשראָקן, עס צעיאָמערט זיך. דער אַלטער גיט זיך א הויב פון אָרט. כואניטא מאַכט א באַוועגונג, ווי זי וואָלט וועלן אַנטלויפן, נאָר דער אַלטער, אַזאַ פארשעמטער און צערוי־טלטער, באַרואיקט איר. ער דרייט אַוועק דעם קאָפּ, דערלאַנגט איר צוריק דאָס איינִיקל און בלייבט שטיין ווי א גולם.

כואניטא וויגט שוין דאָס קינד, ערשט איצט צעכליפּעט זי זיך.

— אָבער איך האָב דיר נישט געוואָלט טאָן קיין שלעכטס... שאַ־שאַ, נישט וויין — בעט ער זיך.

כואניטא פאָלגט אים, זי ווישט זיך די טרערן, און דער אַלטער גיט איר זיין נאָז טיכל, אז זי זאָל זיך גוט, זייער גוט אויסווישן די אויגן... זאָל מען נאָר נישט דערקענען...

איצט איז ער שוין אָביסל באַרואיקט. ניין, מען דערקענט שוין ניט, ער זיפצט אָפּ מיט דערלייכטערונג, איצט קען ער שוין רואיק אהיימגיין, אָבער דער געוויסן פּייניקט אים נאָך זייער שטאַרק, אָבער ער איז שוין א עלטערער מענטש און ווייסט וואָס מען טוט; ער נעמט ארויס דאָס בייטעלע און שטופּט כואניטאַן א פּעזע אין דער האַנט אריין...

— נאַ, נעם, וועסט דיר עפּעס קויפן, נאָר זאָלסט קיינעם נישט דער־ציילן... — קוקט ער איר אזוי בעטנדיק אין די אויגן.

— אָ, ניין... ניין... נישט דערציילן...

— שווער זיך!

כואניטא קושט זיך אין די גראָבע פינגער פון אירע הענט, זי שווערט זיך און דער אַלטער איז אַוועק א בארואיקטער.

מיט פיר און צוואַנציק שעה שפּעטער איז ער נאָכאמאָל געקומען. ער שאַרט זיך אַריין מיט א דערשראָקן פּנים. אָבער כואניטא איז איצט אינגאַנצן אַליין, אפילו דאָס קינד האָבן די באַלעבאַטים מיט זיך מיט־גענומען, זיי שפּאַצירן זיך איצט באַם ברעג ים.

— האָסט אפשר ווען דערציילט? — ציפּט ער נערוועז די באָרד.

— ניין! ענטפערט זי מיט א בייז קול.

— גוט, איך גלויב דיר... נאַ, וועסט דיר עפּעס קויפן, וואָס דו ווילסט. דאָס מאָל גיט ער איר א הוספה פון הונדערט פּראָצענט.

זי וויל נישט נעמען, שטופּט ער דאָס מיט געוואַלד אין די הענט. זי בלייבט באַזיגט פון זיין גוטסקייט און דער אַלטער גיט פּלוצלינג א שטילן זאָג, אזוי ווי נישט צו איר, צו דער וואַנט רעדט ער.

— און איצט, גיב א קוש! — ער שטעלט אויף די באַק.

כואניטא ווערט בלאַס, זי שטאַמלט עפּעס און רירט זיך נישט פונעם אָרט.

— גוט, דאַרף מען נישט. — און ער לאָזט זיך צום טויער מיט דער־שלאָגענע טריט.

— גייט נישט, סעניאָר...

זי דעריאָגט אים מאָמענטאַל און ער בלייבט שטיין. זי קוקט אים אין די אַלטע אויגן אַזאַ ערנסטע, גיט אים א צעצויגענעם קוש, און אַנטלויפט.

נאָכדעם ווען זי איז געבליבן אַליין, נעמט זי טראַכטן פון דער לעצ־טער פּאַסירונג. עפּעס איז זי נאָך שטאַרק צעטומלט. זי פאַרשטייט כמעט גאָרנישט וואָס עס האָט אייגנטלעך פּאַסירט. כואניטא דערטראַכט זיך צו גאָרנישט און נעמט זיך שפּילן מיטן געלט, וואָס דער אַלטער האָט געגעבן.

קנייטשט זי די פּאַפּירלעך, גלעט זיי און זאָרגט זיך בשעת מעשה וואָס צו טאָן מיטן געלט. שפּעטער באַהאַלט זי דאָס אין זאָק און לאַכט שטיל: לאַבראַ טוט אויך אַזוי... אזוי וועט זי דאָס האַלטן ביז די מאַמע וועט קומען, דערנאָך וועט זי עס איר אַוועקגעבן...

אזוי האָט טאַקע פּאַסירט. ס'איז געשען אין א צייט אַרום. עס איז געווען אין א פאַרוואָלקנטן זונטיק פאַרנאַכט. אין דעם טאָג איז די פינצ־

טערניש צוגעפאלן פריער ווי געוויינלעך, אבער א גאנצן טאָג איז אויך נישט געווען אזוי ליכטיק. א שארפער ווינט האָט געבלאָזן פונעם ים, גע־הויבן אין דער הויך דאָס מיסט, וואָס וואלגערט זיך אייביק אף אָרעמע גאסן, און בא די גאסן נאָנט פון ברעג ים האָבן די כוואליעס, צעבייזערטע, זיך געקלאפט אין דער יבשה. א דין געזאלצענער וואסער שטויב האָט גע־קיצלט די פנימער און אף אלץ האָט זיך פארשפרייט א גרויער טרויער.

אָט אין אזא פארנאכט, כמעט אינגאנצן אומגערעכט, האָט זיך די וועשן ענדלעך באוויזן.

כואניטא האָט דער מוטער שיר נישט דערקענט. די מאמע האָט שוין מער נישט געטראגן קיין שווארצע טרויער קליידער; פארקערט, איר קליי־דונג איז שוין גאָרנישט געווען קיין באשיידענע פאר אזא פארוואָלקנטן טאָג; דערצו איז זי ווי יונגער געוואָרן. דאס פנים בא איר איז געווען שטארק דערפרישט און עס פילט זיך פון איר א ריח פון פודער...

קוקט כואניטא אף דער מוטער און דאָס הארץ קלאפט איר שטארקער ווי תמיד; זי זעט ווי די מאמע שמועסט זיך גאָר פריינטלעך מיט דער דאָניא עלווירא. פון צייט צו צייט גיט דאָניא עלווירא צו דער מוטער א גנבהשן ווינק. די מאמע שמייכלט פארשעמט, רויטלט זיך. דאָניא עלווירא לאכט שטאַרקער, אָבער זי פארגעסט נישט צו באפעלן כואניטאן, אז זי זאָל ברענגען טיי פאר דער מוטער.

די וועשן באדאנקט זיך, זי האָט נאָר וואס געטרונקען, איבעריקנס איז שוין שפעט, זי האָט שוין נישט קיין צייט און די קינדער שרעקן זיך פאר דער פינצטערניש...

דאָניא עלווירא מאכט א באליידיקטע מינע, זי נעמט בא איר א וואָרט, אז ווען זי וועט זיין דאָס צווייטע מאָל צו גאסט, וועט זי שוין מוזן בא איר עפעס פארזוכן.

די וועשן איז מסכים און געזעגנט זיך הארציק.

כואניטא באגלייט דער מוטער ביז דער טיר. ערשט איצט קוקן זיי זיך אָן. כואניטא וויל עפעס פרעגן און ווייסט נישט וואָס, פרעגט איר די מוטער:

— ביזט צופרידן?

— יאָ!

— זעסטו שוין... און דו האָסט געמיינט, אז איך וויל אז דיר זאָל זיין שלעכט...

זי שאָקלט ווי באַליידיקט מיטן קאָפּ.
— ניין, איך האָב אַזוי נישט געמיינט.
— גוט, זייער גוט... איך וועל שוין גיין, נאָר געדענק פיר זיך ווי אַ מענטש...
כואַניטאַ גלאָצט מיט די אויגן:
— איך פיר זיך דען שלעכט?
— ניין, איך זאָג נישט אַזוי... דאָניאַ עלווירא איז פון דיר זייער צופרידן.
— זעסטו!.. זי גיט זיך אַ פרייליך דריי אויף די אָפּצאַסן.
— גוט, אַ גוטע נאַכט... מיטאָ וועט ווייגען, איך מוז שוין גיין! וואַרט איך וועל דיר עפּעס געבן, נעם!
זי גיט אַוועק די דריי פּעזעס.
— וואָס איז דאָס?
— געלט...
זי דערפילט דאָס פּנים האָט זיך באַ איר צעפלאַקערט.
— ווער האָט דיר געגעבן?
— דאָניאַ עלווירא. זי האָט מיך שטאַרק ליב... — זי קוקט איר נישט אין די אויגן.
— זייער שיין... אָבער האָסט איר כאָטש באַדאַנקט?
— יאָ!
— האָב איך דיך טאַקע ליב. איך וועל דאָס געלט באַהאַלטן, כ׳וועל דאָס נישט אויסגעבן... אַ גוטע נאַכט.
דאָס לעצטע וואָרט הערט מען שוין נישט. אַ שרעקלעך הילכיקער דונער האָט זיך געגעבן אַ ריס אַרויס פון די וואָלקנס, קאָלערט זיך מיט אַ קראַך. באַלד קומט אַ צווייטער, אַביסל אַ שוואַכערער און אַ דריטער, אַ הילכיקער ווי דער ערשטער. די וואָלקנס צעהעלן זיך. אַלץ ווערט מיט בלוי ליכט פאַרבלענדט און ווערט מאָמענטאַל פאַרלאָשן. אַ שטאַרקער ווינט גיט אַ יאָג, צעפּראַלט זיך די טיר, קלאַפּט זיך אָן אין דער וואַנט און שפּרינגט צוריק מיט אַ טראַסק. עס דערהערט זיך אַ זשומענדיק גע־רויש, אַ שלאַקס רעגן צעגיסט זיך און אַלץ ווערט נאַס.
די וועש האָט שוין געמוזט בלייבן. זי האָט גרויס צער פונעם רעגן, ס׳איז איצט אומעגלעך צו גיין אַ היים, וואַרט זי אין קאָרידאָר.

באַלד דערוויסט זיך דאַניא עלווירא, אַז די וועשן איז נאָך נישט אַוועק, פאַרבעט זי איר צוריק אין צימער, טרייסט איר, אַז דער רעגן וועט באַלד אויפהערן און דערלאַנגט איר אַ שטול.

זיצט זי נעבעך אַזאַ שווייגנדיקע, פאַרגאַפּעט זיך אַפן עלעקטרישן לאָמפּ, נאָר באַלד דערמאָנט זי זיך עפּעס און זי ניט אַזאַ חניפהדיקן זאָג: אַז זי דאַנקט איר, דער דאַניא עלווירא, פאַרן געלט וואָס זי האָט גע-געבן איר טאָכטער.

דאַניא עלווירא גלאָצט מיט די אויגן און שווערט זיך, אַז זי ווייסט פון גאָרנישט, און אַז זי דאַנקט איר נאָכאמאָל, ווערט זי בייז, קלאַפּט מיטן פויסט אין טיש.

— איך האָב כּואַניטאַן גאָרניט געגעבן!

— וואָס?

— דאָס וואָס איר הערט!

— דריי פּעזעס!..

— אַפילו איין סענט נישט!

די מאַמע איז שוין בלאַס און זי קוקט אויף כּואַניטאַן. כּואַניטאַ דריקט זיך צו דער שאַפע.

— ווער האָט דיר געגעבן געלט?

זי ענטפערט נישט.

דאַניא עלווירא פאַרלייגט די הענט אויף דער ברוסט.

— אפשר האָסטו בא מיר גענגבעט?

— ניין. — יאָמערט כּואַניטאַ.

— אָבער ווער האָט דיר געגעבן?

— דער זיידע... אייער פאָטער... געשענקט...—צעוויינט זי זיך נאָך שטאַרקער.

דאָן היפּאָליטאָ איז אַ פאַרנעצטער פון ערגעץ אָנגעקומען. ער בלייבט שטיין אַ צעטאַמטער. נאָר אַז ער דערוויסט זיך וואָס עס האָט פּאַסירט, וואַרפט ער צו דער וועשן אַ פינסטערן קוק און ער בעט זיך באַם ווייב, אַז זי זאָל זיך שוין איצט מער נישט אַריינמישן. נישקשה, ער וועט זיך שוין אַן עצה געבן... ער פרעגט:

— אָבער פאַרוואָס האָט ער דיר געגעבן? מעגסט זאָגן פאַרוואָס... אַז

דו האָסט נישט געגנבעט, באַדאַרפסטו נישט וויינען. גנבים וויינען, אָבער איך וועל דיר גאָרנישט טאָן.

כואַניטאַ פּלאָנטערט מיט דער צונג. אויך די מוטער פאַרלירט דאָס געדולד.

— שוין זאָלסטו דערציילן דעם אמת... ווייל איך וועל דיר דער־הרגענען... — גיט זי איר אַ פּליק באַ די האָר.

כואַניטאַ ווערט היסטעריש, זי וויל בייסן און עס ווערט אַ בהלה. פונעם טיש פאַלט אַראָפּ גלאָז און צעברעכט זיך. אינעם לעצטן צימער וויינט דאָס קינד.

ענדלעך ווערט אַ ביסל שטילער. דאָן היפּאָליטאָ פאַרשטעלט כואַני־טאַן, אַז די מוטער זאָל איר נישט שלאָגן, און ער בעט איר זייער פריינט־לעך, זי זאָל זאָגן דעם אמת, זי מעג דאָס טאָן. אָט, זי זעט דאָך, ער לאָזט איר נישט שלאָגן.

כואַניטאַ ווערט ווייכער, זי דערציילט דעם אמת. דער זיידע — ער האָט געקושט און געגעבן געלט...

דאָניאַ עלווירא קוויטשעט ווי אַן אָפּגעבריטע. ניין, זי וועט נישט לאָזן באַליידיקן איר פאָטער. זי בעט דעם מאַן ער זאָל נישט גלויבן, עס איז נישט אמת, זי האָט דאָס געלט באַ איר געגנבעט, עס פעלט איר טאַקע דריי פּעזעס, זי האָט אים נישט געוואָלט דערציילן, זי האָט גע־מיינט, אַז זי האָט פאַרלוירן, זי זאָל אַזוי זיין אַ מאַמע צו איר קינד, ווי זי דערציילט דעם אמת...

איצט שווייגט זי שוין און באַלד זאָגט זי, נישט קוקנדיק אויף כואַ־ניטאַן, וואָרטשענדיק צו דער וועש:

— איצט, נעמט אייך אייער טאָכטער און גייט... דאָרטן ליגן אירע זאַכן... באַ מיר אין שטוב איז שוין פאַר איר נישטאָ קיין אָרט... גע־זאָנגען!

זי ווייזט זיי די טיר.

די וועשן ענטפערט נישט, זי איז איצט געוואָרן, אַזוי מוראַדיק שטאָלץ, אירע ליפּן זיינען פעסט פאַרדריקט. זי לאָזט זיך גיין אין הייפל און ווינקט צו כואַניטאַן זי זאָל איר נאָכגיין, און אויפן הייפל שטייענדיק גיט זי אַ געשריי אַריין אין צימער:

— זייער גוט... מיין טאָכטער זאָגט, אַז זי האָט דאָס ערלעך פאַר־

דינט... שוין צו ערלעך פארדינט... אָבער איך וועל זיך נאָך פרעגן בא אייער פאָטער... איר קענט מיר נישט געבן זיין אדרעס? — לאַכט הים־טעריש די וועשן.

דאָניא עלווירא וויל עפּעס ארויסשרייען, נאָר כואניטא צעוויינט זיך נאָכאַמאָל.

— איך זאָג דעם אמת... ער האָט מיר געגעבן, נישט געוואָלט איך זאָל דערציילן.

— אָבער איצט דערציילסטו דעם אמת?

דער מאמעס אויגן פינקלען ווי קעצישע.

— יאָ!

— זעסט ווי אומפארשעמט דאָס איז... זי וועט אויפוואקסן א הור... וועסט זען... מעגסט מיר גלויבן! — בעט זיך דאָן היפּאָליטאָ באַם ווייב.

די וועשן קען שוין מער נישט שווייגן. עפּעס דריקט איר אזוי שטאַרק, אַז וועט זי דערשטיקט ווערן. אָבער זי קען נישט ארויסריידן אַ וואָרט, ווערט זי צעמישט, גיט א שפּיי און לאָזט זיך לויפן אַף דער גאַס.

כואניטא איז מיט א שרעקלעכן געיאָמער נאָכגעלאָפן נאָך דער מו־טער, זי האָט געטאַפּטשעט מיט די פיסלעך אין רעגן־וואַסער, שיר נישט געפאַלן, נישט געדענקט, אַז זי האָט נישט מיטגענומען די זאכן און זיך באַמיט נישט צו פארלירן די מאַמע פונעם אויג.

לויפט זי אזוי ווי משוגע, עס שטעכט איר אין ברוסט, זי דאַרף זיך אַביסל אָפּרוען אָבער איצט איז אַף אַזעלכע זאכן נישטאָ קיין צייט, זי שרעקט זיך פאַר דער מוטערס לויפן. נעמט איר רופן מיט געבעט, אָבער די מוטער וויל זיך נישט אָפּשטעלן און זי מוז איר דאָך דער־יאָגן און זי שטרענגט אָן די לעצטע כחות. ענדלעך האָט זי איר דער־גרייכט. זי גיט זיך אַ העגג אָן אין דער מוטער. די וועשן בלייבט שטיין, שטויסט איר פון זיך:

— גיי, ביזט נישט מיין טאָכטער!

— איך בין נישט שולדיק. — נעמט זיך כואניטא רייסן די האָר פון קאָפּ.

די גאַס איז אַפילו געווען פוסט, עס האָט נאָך געקאַפּעט, נאָר דאָך זיינען ווי פון דער ערד ארויסגעוואקסן אפשר א צענדליק מענטשן, בלויז

מענער, און א פארנעצטער צייטונגס־פארקויפער, פרעגט זיך גאר, אויב זיי האבן נישט פארלוירן קיין געלט.

די מאמע ענטפערט, אז זי האט גארנישט פארלוירן, זי פאר־ענדערט זיך און גיט איר א שלעפ:

— קום!

מענטשן צעגייען זיך, ציענדיק מיט די אקסלען. כואנא און די מוטער גייען אריבער אף דער צווייטער זייט גאס, זיי שפאנען שנעל. כואנא בליבעט נאך אלץ.

פלוצלינג דערפילט די מאמע אזא רחמנות צו איר טאכטער. עס טוט איר שוין באנג וואס זי האט איר געשלאגן, זי איז דאך פארט אזא גוטי קינד און זי איז כמעט שטענדיק צו איר שלעכט... דאס האט דאך אלץ פאסירט צוליב דעם ווייל איר האט זיך פארגלוסט א מאן... זי בא־שליסט אז מער וועט זיך איר שוין נישט פארוועלן, זי איז א מאמע און א מאמע דארף ליידן... איר מאמע האט אויך געליטן... פארפאלן...

און אז זי דערפילט זיך שוין נאנט בא דער שטוב, ווערט זי שוין גאר איבערגעאנדערשט. זי גיט כואניטאן א גלעט אין קאפ, זי הויבט צו איר אן ריידן, אבער שוין ניט ווי ביז איצט, ווי צו א קינד, נאר ווי צו א יונגערער חברטע:

— זאלסט וויסן, מיין קינד, אז איך האב שוין אין מיין לעבן א פאר מאל געגנבעט, אבער פאר געלט האב איך נאך קיינעם ניט געקושט... מעגסט מיר גלויבן!

כואניטא האט נישט געענטפערט. זי האט אנגעכאפט דער מוטערס האנט, די זעלבע האנט וואס האט איר נאר וואס געשלאגן, און ליידנ־שאפטלעך אן אויפהער געקושט...

די מוטער איז שוין אנטשוויגן געווארן. די גאסן זיינען געווארן פינצטערער און אימהדיקער און פונדערווייטנס האט דאס אייביקע קול פון ים געזשומעט, געררוישט, געווארפן זיך א צעכוואליעטער און צע־שוימטער...

